פערלאג „בילדונג", סטאניסלוי.



# די רעגוליערונג פון דער יודישער עמיגראציאן און דער עמיגראציאנס־קאנגרעס

פון

ב. באראכאוו.



דרוק פון ש. ל. דייטשער. פאדגורזע.

1910.

## ו. אין וואס בעשטעהט די עמיגראציאנס-רעגולירונג?

וואָס הייסט רעגולירען די עמיגראציע? — אלע אנערקענען, אז די עמיגראציע איז א „סטיכיייאישער פראָצעס"; דיזער אויסדרוק האָט אָבער צוויי בעדייטונגען, וועלכע ערגענצען איינע די צווייטע. ערשטענס, הייסט דאָס אז דער עמיגרירענדער עלעמענט שטעלט זיך ניט קיין ווייטען צוועק, וואָס זאָל בעהערשען זיין בעוואוסטזיין און זיינע בעוועגונגען. צווייטענס, אָבער, הייסט דאָס, אז די עמיגראציע פאָלגט ניט אין איהר גאנג קיין שום פּלאַן אָדער סיסטעם אז זי געהט כאאָטיש, און פערשווענדעט דערביי א גוזמא מענשליכע קרעפטען, זי קאָסטעט פיעל איבריגע טרערען און בלוט. רעגולירען די עמיגראציע הייסט אלזאָ — צוגעבען איהר דעם צוועק און דעם פּלאַן, וועלכע פעהלען איהר. מיט אנדערע ווערטער בעדייטעט אויך די רעגולירונג פון דער עמיגראציע צוויי זאכען, וועלכע ערגענצען איינע די צווייטע. ערשטענס ווען מען רעגולירט די עמיגראציע, קאָן מען דערביי שטרעבען צו שטעלען פאר איהר א געוויסען צוועק, אבווענדען זי פון איהרע וועגען, אויף וועלכע זי געהט ביז אהער, און ריכטען זי אין נייע לענדער. דאָס הייסט אָבער ניט מעהר און ניט וועניגער, ווי פערוואנדלען די עמיגראציע אין קאָלאָניזאציע, אויס-נוצען דעם פליסענדען מענשליכען מאטעריאל צוליעב קאָלאָניזירען נייע לענדער. צווייטענס, אָבער, קען עס הייסען, אז מען שטעלט זיך ניט קיינע ווייטערע אויפגאבען, ווי נור פערשפּאָרען יענע יסורים און אומגליקען, וועלכע די עמיגראציע מאכט אָן מחמת איהר כאאָטישען האראקטער.

וואס הייסט רעגו-לירען די יודישע עמיגראציע?

וואָס אנבעלאנגט אונז יודען, רעדט מען ביי אונז וועגען רעגולירונג די עמיגראציע הויפּטזעכליך אין'ם צווייטען זין. עס איז טאקי גאנץ קלאָהר, אז דערווייל קען מען ביי אונז נאָר וועניג טראכטען וועגען אזא רעגו-לירונג פון דער עמיגראציע, וועלכע זאָל בעשטעהען אין קאָלאָניזי-[רען] נייע לענדער. וויל מען רעגוליר[ען] די וואנדערונג, מיינט מען [דע]רמיט בעהערשען דעם גאנצען עמיגראציאָנס-שטראָם, פערענטפערען [דע]ם פאָלקס-פּראָבלעם, הייל[ען] טיעפע פאָלקס-וואונדען, ברענגען

הילף דער ברייטער וואַנדערונגס־מאַסע. קאָלאָניזירען די גאַנצע עמיג־רירענדע מאַסע איז אָבער בכלל אונמעגליך, איבערהויפּט פאָדערט עס אונגעהויערע קאַפּיטאַלען און אויסנעצייכענטע מענשליכע קרעפטען וואָס פעהלען אויך ביי אַנדערע זעלבסטשטענדיגע מעכטיגע אומות און בפרט נאָך ביי יודען. נאַטירליך פאָדערט יענער מין רעגוליערונג ווען מען זוכט נאָר ברענגען אונמיטעלבאַרע הילף די עמי־גראַנטען, פיעל וועניגער קרעפטען, גייסטיגע און מאַטעריעלע, איידער קאָלאָניזאַציע וואָרום קאָלאָניזירען הייסט ביי אַזאַ שטאָדטישען פאָלק ווי יודען, ניט נאָר אָבקערעווען די יודישע עמיגראַנטען אין אַנדערע לענדער, נאָר אויך אָבוועגדען זיי צו גאָר אַנדערע נייע אונגעוועהנליכע בעשעפטיגונגען און פרנסות. קאָלאָניזירען הייסט נעבען די מעגליכקייט אַ גרויסען טייל פון דעם יודישען פאָלק איבערגעהן צו לאַנדווירטשאַפט און בעזעצען זיך געדיכט אויף אַ בעזונדערער טערריטאָריע. ס'איז לייכט פערשטענדליך, אַז אַזאַ אויפגאַבע ריכטיגער געזאָגט אַזאַ איבערקעהרעניש — אין די יסודות פונ'ם יודישען לעבען. פאָדערט אַ לאַנגע צייט, גאַנצע דורות מוזען אַרבייטען אויף דעם, ביז די קאָלאָניזאַציע זאָל ברענגען צו אַ געוויסען תכלית. ס'איז אויך בכלל נאָך אַ האַרבע שאלה, צי קען מען בעוואוסטזיניג און פלאַנ־מעסיג פיעלעס דערגרייכען אויף דעם קאָלאָניזאַציאָנס־געביעט, און בפרט נאָך ביי יודען. דאָס איז אָבער נאָר אַ זייטיגע קשיא, אונז אינ־טערעסירט אַצינד אַנ'אַנדער זייט פון דער פראַגע, און דאָס איז דער פאַקט, אַז ווען מען רעדט ביי אונז מכח רעגולירען די עמי־גראַציע, מיינט מען דערמיט קודם כל די אָרגאַניזירונג פון דירעקטער הילף פאַר די עמיגרירענדע מאַסען. וועגען קאָלאָניזאַציע קען מען אויך דערביי טראַכטען, לכל הפחות פאַר אַ ווייטערע צוקונפט, בשום אופן ניט גלייך אָנפאַנגען פון קאָלאָניזאַציע.

וואס גיעט די עמי־גראציע דעם יודי־שען פאלק.

רעגולירענדיג די יודישע וואַנדערונג אויף איהרע יעצטיגע וועגען, וועלכע זי געהט פון זיך זעלבסט טראָגט מען אריין אויך געוויסע שנוים אין דעם עקאָנאָמישען מצב פון דער עמיגרירענדער מאַסע, אָבער אַלענפאַלס נאָר אַזוינע שנוים, וועלכע העגגען אָב פון דער עמיגראַציע זעלבסט, און ניט פון אונזערע בעוואוסטזיניגע צוועקען. אַליין די עמיגראַציע שטעלט מיט זיך אויך פאָר, ווען ניט אַ ראַדיקאַלע איבער־

קערעניש, איז דאָך אַ טיפּע, פֿערענדערונג אין די בעשעפֿ־
טיגונגען און אין די פּרנסות פֿון די יודישע מאַסען: טיילווייז
געהען זיי אַריבער אויף די נייע פּלעצער אין די העכערע פֿאָרמען
פֿון די זעלביגע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, אין וועלכע זיי האָבען זיך
בעשעפֿטיגט אויף די ערטער פֿון זייער פֿריהעריגער וואָהנונג, די קליי־
נינקע דאַרינקע מלאכות פֿון רוסישען תחום המשב, פֿון גאַליציען און
פֿון רומעניען ווערען אין אַמעריקאַ פֿערביטען אויף ריזיגע קאַפּיטאַליסטישע
אונטערנעהמונגען מיט הונדערטער און טויזענדער אַרבייטער, מיט די
פֿאָלקאָמסטע טעכנישע פֿערבעסערונגען, וואָס זענען נאָר מעגליך אין
די יודישע פֿאַכען, — אין שניידעריי, שוסטעריי און סטאָליער־פֿאַך,
איז דער טאַבאַק אינדוסטריע. די עמיגראַציע גיבט אלזאָ די מעגליכקייט
אַ נעוויסען, גאַנץ גרויסען טייל פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג צו
שטייגען אויף אַ העכערער מדרגה ניט פֿערענדערענדיג די עצם בעשעפֿ-
טיגונגען איהרע, אַנ׳אַנדערען קלענערען טייל עפּענט זי אויך דעם
וועג צום איבערגאַנג אין די פֿעסטערע און אויסזיכטס־רייכערע צווייגען
פֿון דער פּראָדוקציאָן: אַזוי צום ביישפּיעל בעקומען יודישע עמיגראַנ-
טען געוויסערמאַסען אַ צוטריט צו לאַנדווירטשאַפֿט אין אמעריקאַ, צו
בערגבוי אין ענגלאַנד, א. דגל. און ווען אַפֿילו די עמיגראַציע פֿער-
ענדערט ניט די יסודות פֿון דער יודישער עקאָנאָמיק — דאָס רוב
פֿערבלייבען דאָך אונזערע עמיגראַנטען ביי זייערע שטענדיגע פּרנסות
ביי האַנדווערק און האַנדעל, — דאָך ווערט דורך די עמיגראַציע בע-
פֿריעדיגט אַ וויכטיגער טייל פֿון דער יודישער נויט. מענשען, וואָס
האָבען פֿערלוירען דעם באָדען אין די אַלטע לענדער, בעקומען אַ
נייעם באָדען פֿאַר זיך און דאַדורך בעפֿרייט די עמיגראַציע יענע יודישע
מאַסען וואָס בלייבען אויף די ערטער, פֿון איבעריגער קאָנקורענץ און
איבעריגע רחקות.

אַלזאָ, איז די עמיגראַציע אַ מעכטיגער פֿאָרטשריטס-פֿאַקטאָר
אין דעם יודישען לעבען, זי ווירקט ניט רעוואָלוציאָנערענד, זי שטעלט
מיט זיך ניט פֿאָר קיין מהפכה איןווירטשאַפֿטליכער הינזיכט, אָבער
אַ פּראָגרעס אַלענפֿאַלס. מיר האָבען דאָס רעכט ספק׳ן, צו וועלען
די פֿערבעסערונגען, וועלכע די וואנדערונג ברענגט מיט זיך, האָבען
אַ גרויסע ממשות פֿאַר די ווייטערע צוקונפֿט. מיר מעגען מיינען, אַז
די עמיגראַציע גיט ניט קיין צופֿריעדענשטעלענדע לעזונג, פֿאַר דעם
יודישען ווירטשאַפֿטס־און אַרבייטס־פּראָבלעם; מיר קענען זיין איבער-

ציינט, אז דער באָדען, וועלכען די יודישע וואנדערער ערווערבען זיך זאָגען מיר, אין אמעריקא, איז ניט קיין פעסטער און סוף כל סוף וועלען אויך אונזערע אמעריקאנער ברידער מוזען אָנהויבען טראכטען מכח נייע ערטער פאר זיך, ווייל זייערע אויסזיכטען אין אמעריקא וועלען אויסגעשעפּט ווערען. יעדענפאלס אָבער דערווייל איז די עמיגראציע א וואָהלטהאט פאר דעם יודישען פאָלק, די עמיגראציע לעזט אויס א געוויסען טייל יודישע מאסען פון הונגער, דחקות און אימה, און עפענט פאר זיי ברייטערע לעבענס-מעגליכקייטען עס איז זעהר וויכטיג צו האָבען אין זינען דעם דאָזיגען צווייענדיגען האראק-טער פון דער יודישער עמיגראציע — וואָס זי איז ערשטענס, ניט קיין ראדיקאלע, נאָר א פאליאטיווע פערענטפערונג פון דער יודישער ארבייטס-פראגע, און צווייטענס, וואָס זי שטעלט מיט זיך דאָך פאָר א געוויסען בעפרייענדען ענט-פער אויף דער דאָזיגער פראגע.

צוויי עקסטרעמען אין׳ם פערשטעהן די יודישע עמיגראציע דער אוטאפיסטי-שער קוק אויף איהר.

אָט דיעזער רעאליסטישער קוק אויף דעם יודישען עמיגראציאָנס-פראָבלעם אונטערשיידעט אונז פון די צוויי ענטגעגענגעזעצטע אנשויאונגען, וואָס הערשען ביי געוויסע שטרעמונגען אין׳ם יודענ-טום, פון דעם אוטאָפּיסטישען און פון דעם פילאנטראָפּישען קוק אויף די וואנדערונג. צו די אוטאָפּיסטען געהערען א גרויסער טייל טעריטאָריאליסטען, און צווישען זיי קודם כל די ס. ס. פיעלע טעריטאָריאליסטען מיינען, אז די עמיגראציע איז דער איינציגער ענטוויקלונגס-פאקטאָר אין דעם יודישען לעבען, אז זי טראָגט אין זיך גופא די טעריטאָריאליסטישע צוקונפט פון דעם יודישען פאָלק, און אז דורך דער עמיגראציע און נאָר דורך איהר וועלען געלעזט אלע פראגען, וואָס מאטערן און פייניגען אונזערע מאסען. כל-זמן די טעריטאָריאליסטען פערבלייבען ביי א זאָלכע בע-הויפּטונגען בנוגע די ווייטע צוקונפט, קען מען זיי נאָך אין געפעהר-ליכען אוטאָפּיזם ניט בעשולדיגען, אָבער ווען זיי טראָגען אריבער דעם זעלביגען קוק אויף די געגענוואַרט, באלד ווי זיי שטרעבען צו קאָנצענטרירען די גאנצע פאָלקס-ענערגיע אויף די פראגען פון עמיגרא-ציע, באלד ווי זיי פרעדיגען דעם אינדיפערענטיזם צו אלע לעבעדיגע אינטערעסען פון די לענדער, וואו יודען וואוינען, ווערד זייער אוטאָ-פּיזם אייגזייטיג און בפירוש שעדליך. ביי אזא מין טעריטאָריאליסט

שטארבט אָב יעדעס געפּיהל צו דעם וואָס קומט פאָר אין די לענדער וואו יודען לעבען, איהם אינטערעסירט נאָר די עמיגראציע, ווייל זי, די עמיגראציע, איז די איינציגע רעטערין פון פאָלק. זיי מאָלען זיך ניט אוים קיין אנדערע אָרגאַניזאציע פון די פאָלקס־מאַסען, ווי נאָר אזא, וואָס דיענט צוליעב דער עמיגראציע, דער גאנצער מח זייערער איז בעהערשט און דער האָריזאָנט פערדעקט דורך דאָס קאָלאָסאַלע וואנדערונגס־פּראָבלעם. דערפון מוזען דירעקט ליידען אַלע אנדערע פאָלקס־בעדערפניסען אין יודענטום, וועלכע ליגען אויסערהאַלב דעם קרייז פון עמיגראציאָנס־פּראַצעסען, דערפון מוז ליידען אַליין די עמי־גראציע, ווייל מען בעהאַנדעלט זי איינזייטיג און מען לענט די אויפ־מערקזאמקייט נאָר אויף יענער זייט איהרער, וועלכע טראָגט אין זיך די ראַדיקאַלערע פּערספּעקטיווען, עס מוז פערלאָזט ווערען דער גרויסער רוב פון די וואַנדערונגס־מעגליכקייטען, וואָס זאָגען ניט צו אַזוי גיך אַזאַ ראַדיקאַלע לעזונג. דער מחבר פון דיעזע שורות איז אַליין א ציוניסט, אויך, הייסט דאָס, אַ טעריטאָריאַליסט, און בעטראַכט די עמיגראַציע אַלס די בעפרייאונגס־ברענגענדע קראַפט אין דער יודישער צוקונפט אָבער ניט די עמיגראַציע אין איהר גאַנצען. נאָר אַ געוויסען צווייג פון איהר, ניט דעם גאַנצען וואַנדערונגס־שטראָם, נאָר א געוויסע חוואַליע אין איהם, און דאָס אויך ניט סתם, נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען, וועלכע ליעגען אויסערהאַלב פונ'ם עמיגראַציאָנס־פּראָצעס. דער גרויסער קערפּער פון דער יודישער וואַנדערנדער מאַסע בלייבט דערווייל נאָך לחלוטין אונבעריהרט פון דיעזער ציוניסטיש־קאָלאָניזאטאָרישער פּערספּעקטיוו, ער וועט זיך נאָך לאנג געהן מיט זיין וועג, ער פאָדערט א בעזונדערע אָרגאַניזירונג און קראַפט אַנ־שטרענגונג, כדי איהר צו רעגולירען און פּלאַנמעסיג אויסנוצען. דער מחבר געהערט צו יענער שטרעמונג אין דער יודישער אַרבייטער־בע־וועגונג, וועלכע שטרעבט צו פערענטפערן אַלע נויטען פון דעם יודי־שען פאָלק, אָרגאַניזירען איהם אומעדום, וואו עס וואוינט, און פער־פעסטיגען זיין פּאָזיציע אין אַלע געביעטען פון געזעלשאַפטלי־כען לעבען.

דער פילאַנטראפּי־שער קוק אויף די יודישע עמיגראציע.

ווי די ערשטע ריכטונג, די אוטאָפּיסטישע, איבערטרייבט שרעקליך די בעדייטונג פון דער עמיגראציע פאַר דעם יודישען לעבען און איגנאָ־רירט דאָס אַלעס וואָס האָט ניט קיין שייכות צו איהר, אַזוי שטאַרק

איבערטרייבט אויך די צווייטע ריכטונג, וועלכע זעהט ניט איין אין דער עמיגראציע קיין שום פאקטאר פון דער נאציאנאלער צוקונפט, און סטארעט זיך צו פערקלענערן ווי ווייט מעגליך איהר ראלע. די עמיגראציע טענה'ט מען, איז נאר א קלייניגקייט. זי בעריהרט ניט דאס פאלק, נאר איינצעלנע יחידים, און רעגולירען די עמיגראציע הייסט ניט טהון א גרויסע פאלקס-ארבייט, פארבערייטען א ליכטיגערע צוקונפט פאר דעם פאלק, נאר פערקעהרט, דאס הייסט נאר העלפען די איינ-צעלנע מענשען, עטוואס לייכטער מאכען זייער טרויעריגען שיקזאל. שטעהענדיג אויף אזא פילאנטראפישען שטאנדפונקט, האט מען פשוט מורא צו רעדען וועגען וועלכע ניט איז נאציאנאלע ארגאניזאציעס און נאציאנאלע פערספעקטיווען אין דער עמיגראציאנס-רעגולירונג מען ציטערט פאר יעדער שפור פון בעגייסטערונג און אידעאליזם אין אט דער ארבייט. אינטערעסאנט איז אנצוווייזען, אז צו דיעזער פילאנ-טראפישער ריכטונג געהערען ניט נאר די מערב אייראפעאישע יודישע פילאנטראפען. קאפיטאליסטען, ניט נאר די בורזשואזיע פון מזרח נאר אויך — אייניגע בונדאווצעס, אייניגע פון יענע מענשען, וואס האלטען זיך פאר די הייסעסטע פאלקס-קעמפפער. וועלכע געהערען צום בעסטען דעמאקראטישען יחוס. אזוי זאגט ה. וו. מ., אז „די עמי-גראציע איז א פאלקס-צרה" *) און דעריבער מוז מען דא איילען און העלפען.

די עמיגראציע איז א פאלקס-צרה... א מערב אייראפעאישער פילאנטראפ האלט אויך אין איין קלאגען זיך אז די עמיגראציע איז א צרה. די נפקא מינא פון גביר צום בונדיסטישען טאלייראן בע-שטעהט נאר אין דעם, וואס פאר דעם צווייטען איז דאס א פ א ל ק ס-צרה, בעת פאר דעם ערשטען איז דאס גלאט א צרה, פון וועלכער ער קען ניט פטור ווערען. גלייך ווי דער בעל צדקה, אזוי איז אויך דער בונדיסט אונפעהיג איינצוזעהען אין דער עמיגראציע א וואהלטהאט, א רעטונג פאר א גרויסען טייל פון יודישען פאלק, גלייך מיט די גבירים ואדירים ציטערט ער ממש, מען זאל חלילה ניט מאכען קיין

*) „אטקל ב." Nr. 4 ז. 8. דאסזעלבע, מיט די זעלביגע ווערטער, זאגט אויך ארויס ה. וו. מערעס אין „יעוו. אב." Nr. 8. — נאטירליך האל-טען זיך ניט אלע געזינונגס-גענאסען פון ה. וו. מערעס פאר די זעלבע מיינונג: אזוי שטעהט ה. פ. ליעבמאן („צייטפראגען" Nr. 2) אויף אנאנדער שטאנד-פונקט, וועלכער איז פיעל נעהענטער צום אונזערען.

צו גרויסען רעש ארום דער עמיגראציאָנס־פראגע, מען זאָל ניט ענט-רעקען אין איהר קיין וויטגעהענדע אויסזיכטען פאר׳ן יורענטום. ער פערשטעהט ניט, אז די עמיגראציע איז א דירעקטער היפוך פון א צרה אז זי איז א היילונג, א רפואה פאר די פאָלקס-צרות זאָל זיין א סטיכישע רפואה, וועלכע קאָסט אָפטמאָל אויך צו טייער און פאָדערט אמאָל מעהר אָפּפער איידער ווען זי וואָלט געווען פלאנמעסיג אָרגאניזירט און רעגולירט. ווען א פיזאנטראָפּ, זאָל זיין א סאָציאל-דעמאָ-קראטישער פילאנטראָפּ, טרעט צו, צו דער עמיגראציאָנס־פראגע, וויל ער אויסגעפינען א רפואה געגען א חלאת, ווייל ער קוקט אויף די עמיגראציע, ווי אויף א קרענק. ווען מיר טרעטען צו, צו דער עמיגראציאָנס-פראגע, ווילען מיר אויסנוצען וואָס בעסער, וואָס בּרייטער די וואויל בּרענגענדע ברכה, וואָס איז טיילוויז געגעבען געוואָרען אין דער עמיגרא-ציע, מיר ווילען די רפואה קרעפטיגער, ערפאָלגרייכער מאכען. מיר ווילען ניט איבּערטרייבען די היילענדע ווירקונג פון דער עמיגראציע, ווי דאָס טהוען די אוטאָפּיסטען, מיר זענען אָבער ווייט פון לייקענען איהר אויסלייזענדע קראפט.

וואָסושע הייסט דאָס אצינד רעגוליערען די עמיגראציע ? פאר דעם ראָמאנטיקער הייסט דאָס מאכען די עמיגראציע פאר א ווערקצייג צו בּעפרייען דאָס גאנצע פאָלק, בּעהערשען זי כחומר בּיד היוצר, קערעווען זי לויט זיין ווילען און לויט זיינע צוועקען, כדי צו קאָלאָ-ניזירען די עמיגרירענדע מאסען אויף א בּעזונדערער טעריטאָריע. פאר דעם פילאנטראָפּישען בּעל־צדקה הייסט דאָס, ווי ווייט מעגליך צו היילען א פאָלקס־קראנקהייט, און פאר אונז הייסט דאָס אויסצוגעפינען און אויסנוצען די יעניגע היילענדע קרעפטען פון דעם עמיגראציאָנס-שטראָם, דורך וועלכע ער ווערט אָנווערען זיין האָטישען כאראקטער און ארויסווייזען פאר דעם פאָלק די גאנצע וואויל־טראָגענדע אויס־זיכטען, וועלכע ער בּרענגט אויך אליין פון זיך, אויך אצינד, אָהן אונזער הילף. מיר ווילען בּעוואוסטזיניג מאכען די עמיגראציאָנס-חוואליעס, מיר ווילען זיי בּעפרייען פון די שטערונגען, וואָס שטעהען איהר אויפ׳ן וועג. פון דער אנדערער זייט, שטרעבּען מיר אויך צו בּע-שרענקען די עמיגראציע אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל זי שטאמט פון אזוינע אוננאָרמאלע בּעדינגונגען, וועלכע וואָלטען קענען אָבגע-שאפען ווערען דורך א געוויסע אנשטרענגונג און דורך א רעגעל-מעסיגער ווירקונג.

אינדירעקטע רעגו-ליערונג פון דער יו-דישער עמיגראציע.

יענע הינדערניסע און שטערונגען, וועלכע די עמי-גראַציע בעגעגענט אויף איהר וועג, שטאַמען פֿון צוויי מינים סבּות: פֿון איין זייט זענען דאָס אומ-שטענדען, וואָס קענען בשום אופן ניט בעאיינפֿלוסט ווערען דורך וועלכע ניט איז עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק. און צווייטענס, אַזוינע וואָס וואָלטען קענען דורך איהר יאָ אָבגעשאַפֿען אָדער אָבגעשוואַכט ווערען. צו די ערשטע געהערט קודם כל די פּאָליטישע לאַגע אין די אויס-וואַנדערונגס-לענדער, און ספּעציעל דאָס פּאַספּאָרטען סיסטעם; ווען דיזעס סיסטעם וואָלט אָבגעשאַפֿען ווערען, וואָלטען די עמיגראַנטען פּטור געוואָרען פֿון אַ גאַנצער רייהע יסורים, זיי וואָלטען קענען פֿריי פֿאָהרען און וואָלטען וועניגער בּרויכען אויסגעריסען צו ווערען בּיים „גנב'ענען די גרעניץ" פֿון די הענד פֿון שווינדלערישע „שוואַרצערס' און פֿון די גרעניץ-בעאַמטען. דאָס פּאַספּאָרט-סיסטעם צאַפּט אויס אַ היבּש ביסעל געלד און בּלוט בּיי אונזערע וואַנדערנדע מאַסען. ווייטער געהערט אהער צו די אימיגראַציאָנס-געזעצגעבּונג פֿון די איינ-וואַנדערונגס לענדער. אויך אַ סדרה הינדערניסען, וואָס קען ניט בע-זייטיגט ווערען דורך קיין שום עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק, ווערט בעשאַ-פֿען דורך די אַלגעמיינע אונוויסענהייט פֿון דעם פֿאָלק, און דאָס וואָלט געקענט בעזייטיגט ווערען נאָר דורך די געזעצגעבערישע פֿער-שפּרייטונג פֿון אַלגעמיינער אונבעצאָהלטער פֿאָלקס-בּילדונג. אין די איינוואַנדערונגס-לענדער שטויסען זיך די עמיגראַנטען אָפּט אָן אויף פֿיינדליכע בעציהונג מצד די אָרטיגע אַרבּייטער, וואָס בּאָיקאָטירען די אויסלענדער און ווילען זיי ניט צולאָזען צו די אָרטיגע אַרבּייטער פֿעראיינען. אין דעם זענען פֿיעל שולדיג יענע בעדינגונגען, וועלכע צווינגען דעם איינוואַנדערער צו ווערען אינ'ם נייען לאַנד אַ לוין-דריקער און שטרייק-בּרעכער; נאָך מעהר איז אָבּער דערין שולדיג די קאָנקורענץ וועלכע הערשט אין אַלגעמיין צווישען אַרבּייטער פֿון איין און דעם זעלבען פֿאַך; דאַן העכערען די עמיגראַנטען דעם פּרייז פֿון די דירות דורך דעם, וואָס זיי בעזעצען זיך אין געדיכטע מאַסען אין איינע און דיזעלבּע שטעדט און קוואַרטאַלען. אויף וויפֿיעל אָט די אַלע אומשטענדען שטאַמען פֿון די אינערליכע בעדינגונגען פֿון דער יודישער וואַנדערונג, קען זיך אַ פֿערנינפֿטיגע עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק בעמיהען זיי אויסצובעסערען; אָבער אַ חוץ דעם זענען דאָ נאָך שול-דיג אויך די איינגעבּוירענע ניט יודישע אַרבּייטער, דער מאַנגעל בּיי זיי

פוּן קלאַסעֶן בּעֶוואוּסטזיין און סאָלידאַריטעֶטס-געֶפיהל, און דאָ קעֶן אַלזאָ די עֶמיגראַציאָנס-פּאָליטיק, אַלס אַזעֶלכעֶ גאָרנישט אוֹיפטהוּן אין אָט די אַלעֶ הינזיכטעֶן קעֶן עֶטוואָס דעֶרנרייכט ווערעֶן אָדעֶר דוּרך די דעֶמאָקראַטיזירוּנג פוּן דעֶר געֶזעֶלשאַפט אָדעֶר דוּרך די עֶנטוויקלוּנג פוּן דעֶם פּראָלעֶטאַרישעֶן קלאַסעֶן בּעֶוואוּסטזיין אָדעֶר עֶס קעֶן בּכלל דוּרך קיינעֶ מיטלעֶן גאָר גישט דעֶרנרייכט ווערעֶן כל זמן עֶס עֶקזיסטירט די קאַפּיטאַליסטישעֶ אָרדנוּנג. און דאָס הייסט, אַז ווער עֶס ווילווירקליך רעֶגוּלירעֶן די עֶמיגראַציעֶ, מוּז אויך שטרעֶבעֶן צוּ דעֶם, אַז די נעֶהעֶרינעֶ אוֹיפמעֶרקזאַמקייט זאָל געֶלעֶגט ווערעֶן אויף די אַלגעֶמיינעֶ פּאָליטישעֶ טעֶטיגקייט. קעֶמפפעֶנדיג פאַר די דעֶמאָקראַטישעֶ רעֶכטס-פאָרמעֶן. אַרבּייטעֶנדיג אויף דער עֶר-ציהוּנג פוּן דעֶם קלאַסעֶן בּעֶוואוּסטזיין בּיי די אַרבּייטעֶר, דעֶרנרייכט מעֶן אגב אויך א סך אַזוינעֶ עֶרפאָלגעֶן, וועֶלכעֶ פיהרעֶן צוּ דעֶר אינדירעֶקטעֶר רעֶגוּלירוּנג פוּן דעֶר עֶמיגראַציעֶ.

אינדירעֶקט ווערט די עֶמיגראַציעֶ רעֶגוּלירט דוּרך דעֶם וואָס דעֶר פּאָליטישעֶר פּראָגרעֶס פוּן די אוֹיסוואַנדעֶרוּנגס-לעֶנדעֶר שוואַכט אָפּ געֶנעֶ פאַקטאָרעֶן (רעֶכטלאָזיגקייט, פּאָגראָמעֶן א. דגל.), וועֶלכעֶ רוּפעֶן אַרוֹיס בּיי יוּדעֶן שוֹין א צוּ גרוֹיסעֶס עֶמיגראַציאָנס-בּעֶדערפניש; ווייטעֶר שאַפט עֶר אָפּ אייניגעֶ מכשלים, וואָס שטעֶרעֶן דעֶם פרייעֶן גאַנג פוּן דעֶר עֶמיגראַציעֶ, און דריטעֶנס דעֶר וואוּקס פוּן דעֶם קלאַסעֶן-סאָלי-דאַריטעֶט בּיי די ניט יוּדישעֶ אַרבּייטעֶר ווירקט שוֹין פיעל שוואַכעֶר פיעל וועֶניגעֶר בּעֶדייטעֶנד. אָבּעֶר אויך אין דעֶר זעֶלבּעֶר ריכטוּנג, בּעֶזייטעֶנדיג אַ קליינעֶם טייל שוויריגקייטעֶן, וועֶלכעֶ שטעֶרעֶן די יוּדישעֶ עֶמיגראַנטעֶן אין די איינוואַנדעֶרוּנגס-לעֶנדעֶר. מיר אוּנטעֶרשטרייכעֶן אָט דיזעֶ אינדירעֶקטעֶ רעֶגוּלירוּנג כּדי פוּן דאָס ניי צוּ בּעֶטאָנעֶן, אַז די עֶמיגראַציאָנס-פראַגעֶ טאָר ניט פאַרנעֶהמעֶן די פוּלעֶ אוֹיפמעֶרק-זאַמקייט און די גאַנצעֶ עֶנעֶרגיעֶ פוּן פאָלק, אַז אַפילוּ פאַר דעֶר עֶמיגראַציעֶ אַליין וועֶט זיין געֶזוּנטעֶר, ווען מעֶן וועֶט אין אַכט נעֶהמעֶן אויך אַלעֶ אַנדעֶרעֶ בּעֶדעֶרפנישעֶן פוּן דעֶם גלוּת-יוּדעֶנטוּם און ניט בּעֶשרעֶנקעֶן זיך בּלויז מיט איהר.

די בּירגעֶרליכעֶ און נאַציאָנאַלעֶ עֶמאַנציפּאַציעֶ פוּנ'ם יוּדישעֶן פאָלק איז אַ נויטיגעֶר תנאי פאַר דעֶר ראַציאָנאַלעֶר לעֶזוּנג פוּן דעֶם עֶמיגראַציאָנס-פּראָבּלעֶם.

דירעקטע עמיגראַציאנס-רעגולירונג.

אַ פִּיעלבּרֵייטערֶן פֶעלד פוּן קאָנקרעטֶע אוֹיפגאַבּעֶן, וואָס האָבּעֶן חוּץ דעֶם אַ גלייִכעֶן שייכות צוּ דעֶר עֶמִיגרִירֶענדער מאַסעֶ, שטעֶלט מִיט זִיךְ פאָר די דִירֶעקטֶע רעֶגוּלִירוּנג פוּן דער עֶמִיגראַציעֶ. בשעת די אִינדִירֶעקטֶע רעֶגוּלִירוּנג קעֶן טֵיילוֵויז אוֹיךְ אוּנמִיטעֶלבּאַר, הֵיילעֶן יעֶנעֶ וואוּנדעֶן, ווֶעלכֶע רוּפעֶן אַרוֹיס די עֶמִיגראַציעֶ, קעֶן, הֵייסט דאָס, פֶערבֵּייטעֶן מִיט זִיךְ די עֶמִיגראַציעֶ אוּן זי דוּרךְ דעֶם אוֹיךְ קלעֶנעֶר מאַכעֶן, קעֶן די דִירֶעקטֶע רעֶגוּלִירוּנג נִיט אָבּשוואַכעֶן די עֶמִיגראַציעֶ, ווייל זי הֵיילט בשום אופן נִיט יעֶנעֶ אַנאָמאַליעֶן, וואַס רוּפעֶן אַרוֹיס די עֶמִיגראַציעֶ, אוּן פאַר ווֶעלכֶע די עֶמִיגראַציעֶ נִיט די רפואה. די דִירֶעקטֶע רעֶגוּלִירוּנג שטרעֶבּט אֵיינפאַך צוּ בּעֶזֵייטִיגעֶן יעֶנעֶ הִינדעֶרנִישעֶן, ווֶעלכֶע שטעֶהעֶן אוֹיף׳ן ווֶעג פוּן די עֶמִיגראַנטעֶן, אוּן אוֹיבּ זי וואָלט עֶררֵייכעֶן אִיהר צוועֶק, אוֹיבּ זי וואָלט דִיזעֶ שטעֶרוּנגעֶן אָבּשאַפעֶן, האָלטעֶן מִיר מעֶגעֶן לאָגִיש (אַ פּרִיאָרִי) עֶרוואַרטעֶן, אַז די עֶמִיגראַציעֶ זאָל זִיךְ עֶרשט פעֶרגרעֶסעֶרעֶן, ווייל אוּנז וואָלט לייכטעֶר ווערעֶן צוּ עֶמִיגרִירעֶן, עֶס וואָלט געֶוועֶן בּילִיגעֶר אוּן בּעֶקוועֶמעֶר צוּ פעֶרלאָזעֶן די אַלטעֶ הֵיים, אוּן זִיכעֶרעֶ, וואָלט ווערעֶן די צוּקוּנפט אִין די נייעֶ הֵיימעֶן.

אִין וואָס בּעֶשטעֶהט קאָנקרעֶט אַזאַ דִירֶעקטֶע עֶמִיגראַציאָנס-רעֶגוּלִירוּנג? אוּם צוּ פעֶרעֶנטפעֶרן דִיזעֶ שאלה, מוּזעֶן מִיר זִיךְ קלאָר מאַכעֶן, וואָס שטעֶרט דעֶם עֶמִיגראַנט אִין זיין רֵייזעֶ, ווי אוֹיךְ אֵיידעֶר דעֶר רֵייזעֶ אוּן נאָךְ אִיהר, ווען עֶר קוּמט שוֹין אוֹיף די עֶרטעֶר, פוּן וואַנעֶן שטאַמט זיין שוואַכקֵייט, צוּלִיעבּ ווֶעלכֶער עֶר קעֶן נִיט בּייקוּמעֶן די פעֶרשִיעדעֶנעֶ מכשלים אוֹיף זיין ווֶעג. שוואַך אִיז דעֶר עֶמִיגראַנט אִין פִיעלעֶ הִינזִיכטעֶן, ווֶעלכֶע מעֶן קעֶן פעֶרטֵיילעֶן אִין דריי הוֹיפּט-גרוּפּעֶן: עֶס פעֶהלעֶן אִיהם ידיעות מכּח די אַרבּייטס- אוּן לעֶבּעֶנס-בּעֶדִינגוּנגעֶן אִין די נייעֶ לעֶנדעֶר, עֶר קעֶן נִיט די שפּראַךְ, די נעֶזעֶצעֶן, די געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶ פעֶרהעֶלטנִישעֶן נִיט אִין יעֶנעֶ לעֶנדעֶר, וואוּהִין עֶר פאָהרט, נִיט אִין יעֶנעֶ, דוּרךְ ווֶעלכֶע אִיהם קוּמט אוֹיס צוּ אִיבּעֶרפאָהרעֶן; צווייטעֶנס פעֶהלט אִיהם אֵיינפלוּס, יעֶנעֶ פּאָלִיטִישעֶ אָדעֶר עֶקאָנאָמִישעֶ מאַכט, ווֶעלכֶע וואָלט צווִינגעֶן די אַרוּמִיגעֶ ווֶעלט צוּ רעֶכעֶנעֶן זִיךְ מִיט אִיהם אוּן בּעֶהאַנדלעֶן אִיהם, ווי אַ מעֶנשעֶן צוּ אַלעֶמעֶן גלייך; דרִיטעֶנס, אִיז עֶר אָרִים, עֶס פעֶהלעֶן אִיהם מזומנים, געֶלד-מִיטלעֶן, ווֶעלכֶע וואָלטעֶן דאָךְ קעֶנעֶן פִיעל אוֹיסהעֶלפעֶן אִיהם נִיט קוּקעֶנדִיג אוֹיף זיין אוּנווִיסעֶנהֵייט אוּן אָהנמאַכט. אוּן דאָס

אַלעס שטאַמט דערפֿון, וואָס דער עמיגראַנט איז על פּי דרך הטבע אײנזאַם, פֿעראײנצעלט, מוז אָנקומען צו זײנע אײגענע שוואַכע קרעפֿטען און מיטלען, וואָס די עמיגראַנטען-מאַסע שטעלט מיט זיך פֿאָר און קען נור פֿאָרשטעלען אַ דעזאָרגאַניזירטע טשערעדע, וואו יעדער אײנצעלנער מוז זאָרגען וועגען זיך און ציטערן פֿאַר זיך. אויסהעלפֿען די עמיגראַנטען אין אָט די אַלע הינזיכטען, געבען זײ די פֿעהלענדע קענטניסען, אײנפֿלוס און געלד — צו דעם איז נויטיג אַ געזעלשאַפֿטליכע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע, זאָל זײן די מלוכה אָדער אַ פֿרײע פּריוואַטע אײנריכטונג, אָבער נור אַן אָרגאַניזאַציע, און בשום אופן ניט יחידים, קען ברענגען די עמיגראַנטען די נויטיגע הילף. אײנצעלנע פּערזאָנען קענען העכסטענס נעהמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאַפֿען אַזוינע אָרגאַניזאַציעס.

די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון דער דירעקטער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג איז — געבען דעם עמיגראַנט די פֿעהלענדע י ד י ע ו ת. עס מוזען געגרינדעט ווערען אינפֿאָרמאַציאָנס-ביוראָ'ס צו געבען דעם עמיגראַנט נאָך אײדער ער פֿאָהרט אַוועק, גענויע און זיכערע אויסקונפֿט וועגען די אַרבײטס- און לעבענס-בעדינגונגען אין יענע לענדער, וואוהין ער וויל פֿאָהרען, און אין יענע פּראָדוקציאָנס-צווײגען, אין וועלכע ער וויל אַרײנטרעטען. דער עמיגראַנט מוז בעקומען די מעגליכקייט זיך פֿרײ און בעוואוסטזיניג אויסקלויבען דאָס לאַנד, די שטאָדט אָדער די בעשעפֿטיגונג, זיך אָבגעבענדיג אַ קלאָרען דין וחשבון אין דעם, וואָס איהם פּאַסט אַם בעסטען. ווײטער, מוזען די אינפֿאָרמאַציאָנס-ביוראָ'ס געוואָהר מאַכען דעם אויסוואַנדערער מכח די ביליגסטע מאַרשרוטען, מכח די הוצאות הדרך, די ביליגסטע אָדער בעקוועמסטע שיפֿען און אײזענבאַהנען, אכסניות א. ד. גל., מכח די קאָנטראָלסטאַנציעס, די מעדיצינישע אונטערזוכונגען אין די קאָנטאָרען, האַפֿענס און אין די אײנוואַנדערונגס-שטעדט, מכח די רעכטען און פּפֿליכטען, וואָס די געזעצען געבען און לעגען אַרויף אויף די וואַנדערער אין פֿערשידענע לענדער. אָט די ביוראָ'ס מוזען געבען זײערע אויסקינפֿטען גאַנץ אומזיסט אָדער פֿאַר אַ קלײנעם געצאָהלטס, זײ מוזען אָבער גענוג רײך זײן כדי אויסצוהאַלטען אין די ביוראָ'ס בעצאהלטע סעקרעטערען, וועלכע דאַרפֿען זײן געניעט אין דעם פֿאַך און אָבגעבען דער רעגולירונגס-אַרבײט די גאַנצע צײט און די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקײט. אויסער די אונמיטעלבאַרע או סקינפֿטען אין די אינפֿאָרמאַציאָנס-

ביוראָ'ס מוזען די רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציעס אַרויסגעבען אַ פּעריאָדי-שע אינפאָרמאציאָנס-ליטעראַטור, רעגיסטרירען די עמיגראַציע, פירען און פּערעפּענטליכען אַ גענויע עמיגראציאָנס-סטאַטיסטיק. אַזוינע אַנ-שטאַלטען מוזען אויך נעגרינדעט ווערען אין די טראַנס-מיגראַציאָנס-לענדער, איבער וועלכע די עמיגראַנטען פּאָהרען דורך, און נאָך מעהר אין די איינוואַנדערונגס-לענדער, ווייל נור דאָ, אויף'ן אָרט, קען מען צום בעסטען וויסען די אַרבייטס-פערהעלטניסען פון יעדען מאָמענט, כדי דער עמיגראַנט זאָל גלייך נאָך זיין אָנקומען קענען געוואָהר ווערען, וואו און אויף וועלכע בעדינגונגען ער קען קריגען אַרבייט. די עמי-גראַציאָנס-אָרגאַניזאַציע מוז גרינדען אומזיסטע און גוטע שפּראַך-קור-סען נאָך די בעסטע פּעדאַגאָגישע מעטאָדען, הי אין די גרעסערע שטעדט פון די אויס- און איינוואַנדערונגס-לענדער, אַזוי אויך אויף די שיפען, וואו דער עמיגראַנט. נאָך דעם, ווי ער איז אָבגעקומען זיין ים-קראַנקהייט, האָט אַ ביסעל פרייע צייט בשעת דער רייזע מיט דיזע קורסען דאַרפען אויך פערבונדען זיין לעקציעס איבער די לע-בענס-בעדינגונגען פון די נייע לענדער. אויך איז אפשר מעגליך, אַז אין די עקזיסטירענדע און ניי-געגרינדעטע פּראָפּעסיאָנעלע שולען זאָל דער למוד זיין צונעפּאַסט אויך נעוויסערמאַסען צו די עמיגראַציאָנס-בעדערפּנישען, אָבער דאָס איז שוין אַפילו טעכניש אַ גאַנץ שווערע זאַך.

די צווייטע אויפגאַבע איז — געבען די עמיגראַנטען יענעם פּאָ-ליטישען אוןווירטשאַפטליכען איינפלוס, וועלכען זיי בעזיצען אַליין ניט. קודם כל מוז דאָ די עמיגראַציאָנס-אָרגאַניזאַציע בעזאָרגען, אַז די עמיגראַנטען זאָלען קענען לייכטער און ביליג בעקומען די אויס-לענדישע פּעסער, אַז די פרויען און קינדער פון די אַוועקפאָהרענדע זאָלען ניט דאַרפען אויסגעריסען ווערען צוליעב אַ פּאַס, עמיגראַנטען, וואָס דאַרפען שטעהן צום פּריזיוו, זאָלען בעפּרייט ווערען פון מילי-טער-דיענסט (אָדער פון דעם 300-רובל-שטראָף, ווי יודישע זיהן אין רוסלאַנד), — און פון דער צווייטער זייט זאָלען די איינוואַנדערער זיך לייכטער קענען נאַטוראַליזירען, ד. ה. בעקומען דאָס בירגער-רעכט אין זייער נייער היים. אויף'ן וועג פון דעם עמיגראַנט מוזען די רעגו-לירונגס-אַנשטאַלטען זאָרגען צו בעשיצען איהם געגען די אַלער-מעג-ליכע שווינדלען און אונרעכטען, וואָס ער לייַדעט מצד די שיפס-גע-זעלשאַפטען און מצד זייערע אַגענטען, וועלכע בעגעהן זיך מיט די עמיגראַנטען אויף דעם שענדליכסטען אופן, דער עמיגראַנט זאָל ניט

אויסגעמוטשעט, ניט ערנידעריגט ווערען אין זיינע מענשליכע געפיה־
לען, ווייטער זאָל ער בכלל ניט מוזען אָנקומען צו יענע חברה-לייט,
וואָס צאפּען ביי איהם אַרויס דאָס ביסעל געלד און אָפּטמאָל אויך
דאָס ביסעל בלוט, וואָס ער בעזיצט. דעסגלייכען מוז מען זיך דער-
שלאָגען מענשליכע און געזעצליכע בעהאַנדלונג פון די עמיגראַנטען
דורך די פערשידענע בעאַמטע אין וועג, אויפ׳ן אייזענבאהן און אין
די שרעקליכע (פּרייסישע) קאָנטראָל-סטאַנציעס, אין די קאַנטאָרען
ביי דער מעדיצינישער אונטערזוכונג, פון די מאַטראָסען אויפ׳ן שיף,
פון די איינוואַנדערונגס-בעאַמטע אין די האַפענס פון די נייע לענדער.
מיט אַנדערע ווערטער, עס מוז אָרגאַניזירט ווערען בּרייטע יורידישע הילף
פאַר די עמיגראַנטען, ווי נאָך איידער זייער אָבפּאָהרען, אַזוי אויך אין
וועג און נאָך דעם אָנקומען אין דעם נייעם אָרט. עס מוז איינגעאָרד-
נעט ווערען אויך ערנסטע מעדיצינישע הילף די עמיגראַנטען, בעזונ-
דערס נעגען די ים-קראַנקהייט אויף די שיפען, מען דאַרף איינאָרדנען
גרינדליכע סאַניטאַרע אויפזיכט, כדי די וואַנדערער זאָלען פערברענגען
דעם וועג אין געזונדע בעדינגונגען אויף די שיפען, זיי זאָלען קריגען
געזונדע שפּייז אויף די וואָקזאַלען פון די אייזענבאַהנען און אויף די
שיפען (פאַר פרומע יודען ספּעציעל – כשר עסען), זיי זאָלען ניט
דאַרפען שלאָפען, ווי די היהנער, אין שמוציגע דושנע אכסניות און
קאַיוטען. מען דאַרף פועל׳ן, אַז די דאָקטוירים, וואָס דינען ביי די
שיפס-געזעלשאַפטען און אונטערזוכען די עמיגראַנטען, זאָלען זיי דערביי
בעהאַנדלען היגיעניש, זאָלען צום ביישפּיעל, מיט דיזעלבע פינגער,
וואָס האָבען זיך אָט ערשט געפּאָרעט אין קראַנקע, טראַכאָמאַטישע
אויגען, ניט קריכען אומגעוואַשענערהייט צו די געזונדע אויגען פון אַנ־
דערע פּאַסאַזשירען. און ווען דער עמיגראַנט קומט שוין אָן אויפ׳ן
אָרט, האָבענדיג דורכגעגאַנגען די שבע מדורי גהינום פון דעם וועג און
פון דער איינוואַנדערונגס-אונטערזוכונג, מוזען די רעגולירונגס-אַנשטאַל-
טען אויסנוצען זייער איינפלוס, כדי אויסצומיידען די אַרבייטס-לאָזיג-
קייט פון די עמיגראַנטען, זעהען, זיי זאָלען ניט פאַלען צו לאַסט
אויף די אָרטיגע בעפעלקערונג אַלס בעטלער, און אויף די אָרטיגע
אַרבייטערשאַפט אַלס לוין דריקער אָדער גאָר שטרייק-ברעכער. צוליעב
דעם מוזען די רעגולירונגס-אַנשטאַלטען אין די איינוואַנדערונגס-לענ-
דער בעזאָרגען די אַרבייטס-פערמיטלונג, ד. ה. העלפען די עמיגראַנטען
צו געפינען אַרבייט אויף גוטע בעדינגונגען; אויך איז צו דעם צוועק

זעהר ווינשענסווערט. עס זאָלען נעגרינדעט ווערען איינוואנדערער-היי-זער, וואו דער אימיגראַנט זאָל קענען בילינ אָרער אין קרעדיט, אָדער גאָר אומזיסט פאַרברענגען די ערשטע צייט, ביז ער אָרדנעט זיך איין אין דעם נייעם לאַנד; אויך האָט מען שוין נעפרובט מיט ערפאָלג (צ. ב. אין פאריז האָט דאָס איינגעאָרדנעט ראָטשילד פאַר די יודישע עמיגראַנטען) צו בויען אַזוינע ווערקשטאטען, וואו די עמיגראַנטען זאָלען גלייך בעקומען אַרבייט, ביז מען וועט פאַר זיי ניט אויסזוכען קיין אַנדער שטעלע דורך דעם קענען די רעגוליר-אָרגאַניזאַציעס אפילו עטוואָס געווינען אין הכנסות, ווייל די עמיגראַנטען בעצאָהלען מיט אַרבייט פאַר די דינסטען מצד די אנשטאַלטען.

די דריטע אויפגאַבע איז — ברענגען דעם עמיגראַנט דירעקטע געלד-הילף, נאַטירליך, ניט אויף יענעם שענדליכען אופן, ווי די יודישע „קאָמיטעטען" אין מערב-איראָפּא זענען יוצא פאַר'ן עמיגראַנט מיט אַ פּאָר גראָשען, וואָס מען גיט איהם, ער זאָל וואס גיכער אַוועק-פאָהרען און פערשווינדען, נאָר אויף קאָמערציעלע יסודות, דאָס זאָל זיין ווירקליכע און עהרליכע הילף. ה. בערטאָלדי האָט אין אַ גאַנצער סעריע אַרטיקלען זעהר שעהן און קלאָר בעוויזען, אַז אַזאַ מין הילף איז מעגליך דורכצופיהרען אין לעבען, אויב מען זאָל זיך נור נעהמען, ווי געהעריג, אויסצונוצען יענעם געלד-שטראָם, וועלכען עס שטעלט מיט זיך פאַר די עמיגראַציע. ה. בערטאָלדי ווייזט נעמליך אויף, אַז דאָס זענען איינענטליך, צוויי געלד-שטראָמען:*) ערשטענס, פיהרען עמיגראַנטען געלד מיט זיך, מיט דעם דאָזיגען געלד האַלטען זיי אויף די כל-ערליי אַגענטען, די פערשיעדענע קאַנטאָרען, די בעאַמטע און די דאָקטוירים פון די שיפס-געזעלשאַפטען, זיי צאָהלען אויס מיט דעם געלד די הוצאות הדרך און שיפס-קאַרטען (אויב אפילו ניט אינגאַנצען, ווען די שיפס-קאַרטען ווערען געקויפט אויף אויסצאָהלען ביסלעכווייז), און דאָך פערבלייבט ביי דער עמיגראַנטען-מאַסע נאָך עטוואָס מזומנים ביים אריינפאָהרען אין דאָס נייע לאַנד; צווייטענס, שיקען די עמיגראַנטען, נאָך דעם, ווי זיי האָבען זיך שוין איינגעאָרד-נעט אין לאַנד, היבשע סומען אהיים צו די קרובים, און ביי דעם אָט געלד רייבען זיך ווידער פערשיעדענע אַגענטען און גלאַט זייטיגע גוטע ברידער, וואָס איבערמיטלען דאָס געלד צו די אַדרעסאַטען און

*) בערטאָלדי. דעמאקראטישע עמיגראציאנס-פאליטיק, III „דער פריינד" Nr. 159, 1910.

לאָזען בײַ זיך אַ גרויסען טײל דערפֿון, אויסנוצענדיג די אונוויסענהייט און די אָהנמאַכט פֿון די עמיגראַנטען מיט זײערע משפחות. אָט דעם דאָפּעלטען רוח פֿון די עמיגראַנטען-געלדער וואָלט מען קענען בײַ א ראַציאָנאַלער, פֿערנינפֿטיגער פּאָליטיק ארויסרייסען פֿון די שווינדלע-רישע הענד, און אויף דעם באָדען אַוועקשטעלען א צוועקמעסיג סוחר'יש אייגגעאָרדנעטען פינאַנץ-אינסטיטוט. דער דאָזיגער פינאַנץ-אינסטיטוט מוז ארומנעהמען פאָלגענדע פונקציעס: נעהמען אויף זיך די פערמיטלונג (קאָמיסיע) פֿון פֿערקויפֿען שיפּס-קאַרטען, און בעגני-גענדיג זיך מיט א קלענערען רוח, ווי די פּריוואַטע קאָמיסיאָנס-קאַנטאָרען, עטוואָס בילינגער פֿערקויפֿען די שיפּס-קאַרטען פֿאַר די עמיגראַנטען; דערשלאָגען זיך ראַבאַט (ערמעסיגונג) פֿון אײַזענבאַהן-בילעטען פֿאַר אויס- און איינוואַנדערער; בעזאָרגען בילינגער, בעקוועהמער און זיכערער די ספּעדיציאָן פֿון באַגאַזש; גרינדען וועקסעל-שטיבלעך צו בײַטען געלד פֿאַר די עמיגראַנטען לויט'ן ריכטיגען קורס, כדי זײ זאָלען ניט פֿערליערען דערבײַ. ווי זײ פֿערליערען לע"ע בײַם בײַטען; געבען די עמי-גראַנטען קלײנעם קרעדיט אויף די אָדער יענע צרכים; אסעקורירען (פֿערסטראַכירען) עמיגראַנטען געגען פֿערשיעדענע אומגליקען, וואָס ווערען בעדינגט דורך די עמיגראַציע (געגען שיפּס-בּרוך, געגען בע'גנב'עט ווערען אין וועג א. ד. גל.), און הויפּטזעכליך געגען יענעם שרעק, פֿון וועלכען קיין וואַנדערער איז ניט פֿערוואָרענט—דאָס איז געגען די ניט אַרײַנלאָזונג אין לאַנד. ווען יעדער עמיגראַנט זאָל זיך געגען דעם פֿערזיכערן נאָך פֿאַר'ן אָפּפאָהרען, קען ער, אין פֿאַל אויב ער ווערט ניט אַרײַנגעלאָזען און צוריקגעשיקט, בעקומען א געוויסע סומע פֿיר די צוריקרייזע, אָדער פֿיר די ווײַטערדיגע רייזע אין אַנ'אנדער לאַנד אָדער צוליעב אומקעהרען די הוצאות, וואָס די וואַנדערונג האָט איהם אָנגעמאַכט. דאָס וואָלט אויסגעלייזט פֿיעלע הונדערטער עמיגראַנטען, וואָס ווערען יעדען יאָהר צוריקגעשיקט אַהיים, פֿון איבעריגע לײַדען און דאגות. אויך דעם צווייטען געלד-שטראָם, וואָס פֿליעסט פֿון די עמיגראַנטען אַהיים צו די קרובים, קען דער פֿינאַנץ-אינסטיטוט רעגו-לירען דורך דעם, וואָס ער וועט אויף זיך נעהמען דאָס אריבערשיקען פֿון אָט דאָס געלד; דערבײַ וועט ער אויך בעקומען א געוויסען רוח, אָלענפֿאַלס א פֿיעל קלענערען פֿאַר יענעם, וועלכען עס ציהען דער-פֿון די פּריוואַטע באַנקען און בפרט נאָך די שווינדלערישע חברה-לײַט.

## II. דורך וועמען און ווי אזוי קען די עמיגראציע רעגולירט ווערען?

וועראין דורך וועלכע מיטלען קען דורכפיהרען דיזעס פראגראם.

פון יענע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס, וועלכע קענען אויף זיך נעהמען דורכפיהרען אט דאס פראגראם אינגאנצען אדער טיילווייז, קומען אין בעטראכט פאלגענדע פיער: די מלוכה, די נאציאנאל-אויטאנאמע איינריכטונגען, די פראפע-סיאנעלע פעראייניגען און סתם פרייע געזעלשאפטלי-כע ארגאניזאציעס (קאפיטאליסטישע, פילאנטראפישע און נאציאנאלע).

וואס קען אין וועלכע דאמאכען די מלוכה

וואס אנבעלאנגט די מלוכה, קען זי דא אויפ-טהאן מעהר פון אלעמען, ווייל זי בעזיצט אט מייסטען די נויטיגע קרעפטען (ידיעות, איינפלוס און קאפיטאלען). די מלוכה קען גרינדען די בעסטע אינפארמאציאנס-ביורא'ס, איינריכטען א עמיגראנטען-אינספעקציע, וועלכע זאל בעזארגען די יורידישע און מעדיצינישע הילף פאר די עמיגראנטען, זי קען דורך א צוואנגס-שטייער אויף יעדען עמיגראנט — שאפען א פינאנציעלען אינסטיטוט, און ווען דערצו וואלטען נויטיג זיין אקציאנערע קאפיטאלען און גרויסע הלוואות, קען אויך די מלוכה אם בעסטען זיכערן די קאפיטאלען מיט איהרע אבליגאציעס א. ד. גל. די מלוכה בעזיצט דעם נויטיגען אויטאריטעט און צוטרוי ביי די פאלקס-מאסען, און ווען זי זאל זיין נענוג דעמאקראטיש, קען מען ביי איהר פועל'ן א גינסטיגע עמיגראנ-טען-געזעצגעבונג; אבשאפונג פון דעם פאספארטען-סיסטעם, פערשיע-דענע לגאטעס פאר אויסוואנדערער ביי די אייזענבאהנען, אזא עמי-גראנטען-אינספעקציע, וואס זאל זיין לחלוטין אונאבהענגיג פון די עקספלואטאטארישע שיפס-קאמפאניעס, כדי די אינספעקטארען זאלען האבען דעם נעניגענדען מוט און עהרליכקייט ווירקליך צו פערטיידי-גען די אינטערעסען פון די וואנדערער. און הגם די געזעצען און צוואנגס-מיטלען פון דער מלוכה בעציהען זיך נור אויף דעם שטח פון איהר אייגענע טעריטאריע, דאך האט זי אויך דעם געהעריגען איינ-פלוס צו שטעלען זיך אין אבליגאטארישע פעלקער-רעכטליכע פער-בינדונג מיט אנדערע מלוכות, אום אויפ'ן גרונד פון אינטערשטאט-ליכע אבמאכען צו בעשיצען די עמיגראנטען אויך אין יענע לענדער, דורך וועלכע זיי קומט אויס צו פאהרען.

דאס אלעס איז די מלוכה פעהיג אויפצוטאן; צי וועט זי אבער

דאָס אויך טאָן, און ווען יאָ, אין וועלכען מאָס וועט זי עס טאָן, העננט אָב פון פערשידענע בעדינגונגען, וואָס קענען ניט גלייך אין יעדען שטאַט אָדער צו יעדער צייט. בכלל, ווי דעמאָקראַטיש עס זאָל ניט זיין אַ קאַפּיטאַליסטישע אויסוואַנדערונגס-מלוכה, וועט זי דאָך תמיד מעהר פערהיטען די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטישע שיפס-קאָמפּאַניעס, איידער די אינטערעסען פון די אויסוואַנדערנדע מאַ-סען. אויך וויפיעל ביי געוויסע בעדינגונגען די אינטערעסען פון די שיפס-קאָמפּאַניעס פאָדערן אַליין די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע, קענען זיי לייכט פועל'ן, די רעגירונג זאָל בעווילינען פאַר די עמי-גראַנטען אַזוינע לגאַטעס, וועלכע זאָלען די עמיגראַנטען שטופען צו בענוצען זיך מיט די היימישע שיפען, ניט אָנקומענדיג צו די אויס-לענדישע האַפענס. אַזוי, שטרעבען, צום ביישפּיעל, איטאַליען און עסטרייך צו העכערן דעם מצב פון זייער איינענער דאַמפּפשיף-פאַהרט דורך דעם, וואָס זיי געבען פערשידענע פּריווילעגיעס און שוץ פאַר יענע עמיגראַנטען, וועלכע פאָהרען דורך די היימישע האַפענס מיט היימישע שיפען. דייטשלאַנד דערגעהט אין דער הינזיכט אַזוי ווייט און אכזריות'דיג, אַז זי צווינגט פּאָליציייאיש יעדען וואַנדערער, וואָס פאָהרט איבער איהרע גרענעצען, צו וואַנדערן ניט אַנדערש, ווי דורך די דייטשע פּאָרטען. אויך רוסלאַנד פּרובט די לעצטע צייט צו רעגולירען די עמיגראַציע צו נוצען פון די רוסלענדישע (הויפּטזעכליך ליבויער) שיפס-געזעלשאַפטען, און די תּוך מיניסטעריום צונויפגעשטעלטע עמי-גראַציאָנס בעראַטונג האָט אפילו אויסגעאַרבייט אַ געזעץ-פּראָיעקט, וועלכער וועט געבען עטליכע אונבעדייטענדע פערבעסערונגען פאַר יענע עמיגראַנטען, וואָס פאָהרען דורך רוסישע האַפענס; אָבער די רע-גירונג וויל נאָר קנאַפּ זאָרגען פאַר יענע, וואָס פאָהרען דורך אויס-לענדישע האַפענס. — די איינוואַנדערונגס-מלוכות האָבען ווידער טאַקי גאָר אַנדערע אינטערעסען, וואָס בעשטימען זייער עמיגראַציאָנס-פּאָלי-טיק, וועלכע בעשטעהט אַנ'אַנדערס מאָל אין דעם, דאָס די רעגירונג ניט פערשיערענע לגאַטעס פאַר קאָלאָניסטען, אָבער פיעל אָפטער בעשטעהט זייער עמיגראַציאָנס פּאָליטיק אין אַרויסגעבען ווי ווייט מעג-ליך בעשרענקונגס-געזעצען נעגען די איינוואַנדערונג. — עס איז בלי ספק, אַז די מאָדערנע מלוכות, וואָס מעהר זיי דעמאָקראַטיזירען זיך, מוזען אַלץ מעהר זיך אָבזאָגען פון דעם אַלטפרענקישען קוק אויף די עמיגראַציע, ווי אויף אַ פערברעך מצד דעם בירגער און אַ שאָדען

פֿאַר דער מלוכה, זײַ װערען דורך די ענטװיקלונג נעצװאונגען ביסלעכ־װײַז אָבצושאַפֿען יענע געזעצען, װעלכע האָבען זיך בעמיהט צו בעשרענקען די אויסװאַנדערונג*); אויף נאָך אַ װײַטערער דעמאָקראַטיזירונגס־מדרגה הויבט שוין אָן די רעגירונג פֿערשטעהן, אַז די עמיגראַציע איז אין געװיסע הינזיכטען ניט נור אַן'אונפֿערמײַדליכע צרה, נאָר אויך אַ װאויל־ברענגענדע ערשײַנונג אינ'ם פֿאָלקס־לעבען, װעלכע מען דאַרף װאָס פֿרײַער מאַכען, װאָס ברייטער אויסנוצען צוליעב דעם פֿאָלק. צו אַזאַ מין קוק האָט שוין דערגרײַכט ענגלאַנד און געװיסערמאַסען איטאַליען, אין דיזע לענדער עקזיסטירט שוין אַ גאַנץ גוט אײַנגעאָרדנעטע עמיגראַנטען־אינפֿאָרמאַציע פֿון דער רעגירונג, אַ עמיגראַנטען־אינספעקציע און אויך פֿינאַנציעלע אינסטיטוטען, װעלכע לײַסטען פֿאַר די עמיגראַנטען פֿערשיעדענע קלײַנע דיענסטען. שטיצענדיג זיך אויף די דאָזיגע בײַשפּיעלען, טענה'ן אײַניגע יודישע פובליציסטען, אַז אויך פֿיר אונזער עמיגראַציע מוזען מיר שטרעבען צו פֿעראינטערעסירען די מלוכה, און מײַנען, אַז די אײַנציגע װירקזאַמע פֿאָרם פֿון דער עמיגראַציאָנס־רעגולירונג איז די שטאַטליכע**). אָבער, ערשטענס, פֿערשטעהען זײַ אַלײַן אויך, אַז פֿון דער יעצטיגער מלוכה־אָרדנונג אין רוסלאַנד, און אפילו אין עסטרײַך, קען מען כמעט גאָר נישט ערװאַרטען. צװײַטענס, מוזען אין דיזע צװײַ לענדער די אינטערעסען פֿון מיליטער־דיענסט און אין רוסלאַנד פֿון דעם פּאַספּאָרט־סיסטעם און אַנדערע פּאָליציי־אישע ריקזיכטען נאָך זעהר אַ לאַנגע צײַט דיענען פֿאַר אַ ריעזיגע שטערונג אין יעדען פֿערזוך ערנסט צו רעגולירען די עמיגראַציע; ד. ה. אין דיזע לענדער װעלען פֿיעל ריקזיכטען, װעלכע האָבען קײַן שום שײַכות ניט מיט די בעדערפֿנישען פֿון די װאַנדערנדע מאַסען, נאָך זעהר לאַנג בעשטימען די פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג בנוגע צו דער עמיגראַציע. און װען אפילו די מלוכה־אָרדנונג װעט זיך מיט דער צײַט פֿערפֿאָלקאָמענען און װעט מעהר אַכטונג געבען אויף די לעבענס־נויטען פֿון די מאַסען בכלל און פֿון די עמיגראַנטען בפרט. װעט דאָך אויך דעמאָלט די רעגירונג מעהר בעזאָרגען די אינטערעסען פֿון די שיפֿס־קאָמפּאַניעס װי פֿון די פֿאָלקס־

*) א מאל פלעגט מען אפילו שרעקליך בעשטראפען די אויסוואנדערער אדער זייערע פערבליבענע קרובים.

**) צו דעם קוק נייגען זיך ה' א. ליטוואק („צייט פראגען" Nr. 1) און ה' וו. מ. („אָטקל. ב." Nr. 4).

מאַסעֶן; אַ חוץ דעֶם וועֶט זי די יודישעֶ אינטעֶרעֶסעֶן אויך אין דעֶם פּרט, ווי אין אַלעֶ איבּעֶריגעֶ הינזיכטעֶן, בּעֶפֿריעדיגעֶן פֿיעל שוואַכעֶר און מיט פֿיעל וועֶניגעֶר חשק, איידעֶר די אינטעֶרעֶסעֶן פֿון די עֶמיגראַנטעֶן פֿון אנדעֶרעֶ פֿעֶלקעֶר.

וואס קענען אויפטאן די אויטאָנאָמע נאציאָנאַלע איינריכטונגען.

הגם בּעֶדייטעֶנד וועֶניגעֶר, ווי דעֶר שטאַט, קעֶנעֶן דאָך די אויטאָנאָמעֶ נאַציאָנאַלעֶ איינריכטונגעֶן פֿיעלעֶס אויפֿטאָן אין דעֶר הינזיכט פֿון רעֶגולירעֶן די עֶמיגראַציעֶ. ניט בּעֶזיצעֶנדיג דעֶם איינפֿלוס פֿון אַ זעֶלבּסטשטעֶנדיגעֶר מלוכה קעֶנעֶן זיי געֶוויס, ניט אַרויסגעֶבּעֶן קיין געֶזעֶצעֶן מכח דעֶר עֶמיגראַציעֶ, קעֶנעֶן אויך ניט איינטרעֶטעֶן אין אינטעֶרשטאַטליכעֶ אָבּמאַכעֶן; אָבּעֶר אַלעֶנפֿאַלס וואָלט זיי גרינג זיין צו שאַפֿעֶן אַ געֶהעֶריגעֶ אינפֿאָרמאַציעֶ, מינדליכעֶ און ליטעֶראַרישעֶ, אַוועֶקשטעֶלעֶן אין די האַפֿעֶנס פֿון זייעֶר מלוכה עֶמיגראַציאָנס-אינספּעֶקטאָרעֶן, גרינדעֶן פֿינאַנציעֶלעֶ עֶמיגראַציאָנס-אינסטיטוטעֶן, אַזוי ווי צ. בּ. די טשעֶכישעֶ, נאַציאָנאַלעֶ בּאַנק „בּאָהעֶמיאַ" האָט דאָ ניט לאַנג געֶגרינדעֶט בּיי זיך אַן'אָבּטיילונג ספּעֶציעֶל צו בּעֶזאָרגעֶן די פֿינאַנציעֶלעֶ נויטעֶן פֿון די טשעֶכישעֶ עֶמיגראַנטעֶן. אויך אין דעֶר הינזיכט איז קלאָר, אַז יודעֶן, כּל זמן זיי בּעֶזיצעֶן ניט קיין נאַציאָנאַלעֶ אויטאָנאָמיעֶ און קיין אָרגאַנעֶן פֿון נאַציאָנאַלעֶר זעֶלבּסטפֿעֶרוואַלטונג, קעֶנעֶן דעֶרווייל נאָר ניִשט עֶרוואַרטעֶן אין אַט דעֶר ריכטונג. די קהלה אָבּעֶר, וועֶלכעֶ וועֶט מיט דעֶר צייט בּילדעֶן דעֶם יסוד פֿון דעֶר נאַציאָנאַלעֶר אויטאָנאָמיעֶ, איז דעֶרווייל נאָך גאָר ניט נאַציאָנאַל, נאָר כּמעט אויסשליסליך רעֶליגיעֶז, אין געֶוויסעֶ לעֶנדעֶר (ווי אין רוסלאַנד) איז איהר יורידישעֶ לאַגעֶ נאָך גאָר ניט בּעֶשטימט, און דעֶריבּעֶר בּעֶזיצט זי בּכלל צו וועֶניג אויטאָריטעֶט און קאַפּיטאַלעֶן צו רעֶגולירעֶן די יודישעֶ וואַנדעֶרונג. אונזעֶרעֶ קהילה-איינריכטונגעֶן מוז מעֶן עֶרשט ראַדיקאַל איבּעֶרבּויעֶן, זיי דעֶמאָקראַטיזירעֶן, נאַציאָנאַליזירעֶן און סעֶקולאַריזירעֶן (פֿעֶרוועֶלטליכעֶן, עולמ'יש מאַכעֶן). פֿריהעֶר איידעֶר מעֶן וועֶט זיי קעֶנעֶן אויסנוצעֶן צוליעֶב דעֶר עֶמיגראַציאָנס-רעֶגולירונג. דעֶרווייל אָבּעֶר קעֶן מעֶן פֿון זיי העֶכסטעֶנס פֿאָדעֶרן, זיי זאָלעֶן עֶטוואָס מעֶהר אַכטונג געֶבּעֶן אויף די עֶמיגראַציעֶ און זאָלעֶן אַנטייל נעֶהמעֶן אין יעֶנעֶ פֿרייעֶ געֶזעֶלשאַפֿטליכעֶ אָרגאַניזאַציעֶס, וועֶלכעֶ קעֶנעֶן צו דעֶם צוועֶק געֶבּילדעֶט וועֶרעֶן.

די עמיגראַציאָנס־רעגולירונג אין די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען.

ביי נאָרמאַלע און פרייע ענטוויקלונגס־בעדינגונגען פון דער אַרבייטער־בעוועגונג פאַרנעהמען זיך די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען צווישען אַנדערעס, אויך מיט רייזע אונטערשטיצונג פאַר זייערע מיטגליעדער; אָבער אַזוי ווי דער ווירקונגס־קרייז פון דיזע פעראיינען געהט ניט אַרויס אויסערהאַלב פון די מלוכה־גרעניצען, בעשרענקט זיך אַזאַ מין אינטערשטיצונג נור מיט דער אינערליכער וואַנדערונג. פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, ד. ה. אינערהאַלב דעם שטאַט. דאָך איז מעגליך אַז ווען די יודישע אַרבייטער־בעוועגונג וועט פון דאָס ניי אַנפאַנגען וואַקסען, זאָלען זיך די יודישע פּראָפּעסיאָנעלע פעראיינען פון די אויסוואַנדערונגס־לענדער (אָדער די יודישע סעקציעס פון די אַ, נעמינע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען) שטעלען אין פערבינדונג מיט די ענטשפּרעכענדע פעראיינען פון די איינוואַנדערונגס־לענדער. כדי צו אונטערשטיצען געמיינזאַם יענע יודישע אָרגאַניזירטע אַרבייטער, וואָס פאָהרען אַוועק איבער'ן ים. ווייטער, עקזיסטירען אומעדום ביי גוט איינגעאָרדנעטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אינפאָרמאַציאָנס און פערמיטלונגס־ביוראָ'ס פאַר די, וואָס זוכען אַרבייט, גאַנץ גלייך. צי זענען די אַרבייטס־זוכענדע אָרגאַניזירט, צי ניט. אָט די דאָזיגע ביוראָ'ס קענען זיך אויך שטעלען אין פערבינדונג מיט די פעראיינען פון מעבר לים, כדי אגב אויך צו אינפאָרמירען יענע אַרבייטער, וואָס ווילען עמיגרירען: ווען מען בעטראַכט אָט די דאָזינע רעגולירונגס־אַרבייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען גאַנץ אַבסטראַקט, קען זי זיך אויסווייזען גאַנץ פשוט און גאַנץ מעגליך. אָבער קאָנקרעט ענטשטעהען דאָ אפילו ביי די בעסטע פּאָליטישע בעדינגונגען. גרויסע שוועריגקייטען.

ערשטענס, איז זעהר שווער צו בעשטימען, פאַר וועלכע פּאָליטיק זאָלען זיך האַלטען די אַרבייטער־פעראיינען פון פערשיעדענע לענדער בנוגע צו דער עמיגראַציע. בעת פאַר די אויסוואַנדערונגס־לענדער שטעלט מיט זיך פאָר די עמיגראַציע נעווים אַ ווינשענס־ווערטע ערשיינונג, אַנ'ערלייכטערונג פאַר דעם לעבען און קאַמפּף פון די אַרבייטער, וואָס בלייבען אין דער היים, — איז דאָס פאַר די איינוואַנדערונגס־לענדער אין פילע הינזיכטען נאָר אַנדערש. אַ גאָר נייעס לאַנד, מיט אַ ווינציגער אַרבייטערשאַפט, נויטיגט זיך טאַקי אין נייע אַרבייטער, כדי צו ענטוויקלען די אָרטיגע ווירטשאַפט און כדי די

פֿערגרעסערונג פֿון דער צאָהל ארבייטער זאָל זיי געבען מעהר כח אין קאמפּף געגען דעם קאפּיטאל; אָבער אין א לאנד מיט א שוין אויסגעוואקסענער אינדוסטריע שטעלט מיט זיך פֿאָר יעדער נייער ארבייטער נור א נייע קאָנקורענץ-געפֿאהר פֿאר די אָרטיגע ארבייטער; און אויך די אָרטיגע אינדוסטריע לייידעט דאן פֿון דעם, וואָס איהרע קליינע קאָנקורענטען, די הויז-בעל מלאכות האלטען זיך אויף דער שרעקליכער עקספּלואטאציע פֿון די אָהנמעכטיגע ניי-איינגעוואנדערטע ארבייטער. די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען פֿון די אויסוואנדערונגס-לענדער זענען פֿעראינטערעסירט אין ערלייכטערן די עמיגראציע, בשעת די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען פֿון די איינוואנדערונגס-לענדער נויטיגען זיך אָפּטמאָל, פֿארקעהרט, און בעשרענקען די איינוואנדערונג; דעראיבער וועלען די איבענאָנגעוויזענע פֿערבינדונגען צווישען די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס פֿון פֿערשידענע לענדער זעהר זעלטען פֿיהרען צו א ווירקליכען אויסגלייך. פֿאר דער גאנצער ארבייטער-בעוועגונג איז, נאטירליך, זעהר וויכטיג, אז די אָרגאניזאציעס פֿון פֿערשידענע לענדער זאָלען זיך צונויפֿרעדען און נעהן אויף נעגענזייטיגע פּשרות, אזוי אז די אויסוואנדערונג זאָל אפילו אין א נעוויסען מאָס געהאלטען ווערען אין ענגערע גרענצען, אָבער דערפֿאר זאָלען די איינוואנדערנדע ארבייטער געניסען דעם שוץ און די הילף פֿון די אָרטיגע פֿעראיינען; עס איז וויכטיג, אז דער אָנגעקומענער ארבייטער זאָל קענען אריינטרעטען אין פֿעראיין און ניט ברויכען צו ווערען א לוינדריקער אָדער א שטרייקברעכער. אָבער דאָך קענען מיר וועניג וואָס ערווארטען פֿון אזוינע אונטערהאנדלונגען. דאָס ווערט בעזונדערס בעשיינפּערלעך, ווען מיר קוקען זיך צו צו דעם גורל פֿון יענער רעזאָלוציע איבער די עמיגראציאָנס-פֿראגע, וועלכע איז אָנגענומען געווארען אויף דעם אינטערנאציאָנאלען סאָציאליסטישען קאָנגרעס אין שטוטגארט. אין דער דיסקוסיע האָבען די פֿערטרעטער פֿון די אויסוואנדערונגס לענדער זעהר ענערגיש געפֿאָדערט די פֿאָלקאָמע פֿרייהייט פֿון איינוואנדערונג, און זיי זענען טאקי געווען גערעכט, ווייל בעשרענקונגען קענען די אימיגראציע ווידערשפּרעכען די פּרינציפּען פֿון פּראָלעטארישער סאָלידאריטעט; אָבער די פֿערטרעטער פֿון די איינוואנדערונגס-לענדער, און בעזונדערס פֿון די אמעריקאנער סאָציאליסטען, האָבען געפֿאָדערט געוויסע בעשרענקונגען געגען די אימיגראציע, און זיי זענען אויך געווען גערעכט, ווייל דער איינפֿוהר פֿון נייע, רויהע,

אונווִיסענדע אָדער אָהנמעכטיגע אַרבּײַטער שטעלט מִיט זִיך פֿאָר אַנ׳-
אײַבּינע סכּנה פֿאַר די אָרטיגע, מִיט אַזוֹי פֿיעל מִיה אוֹיפֿגעבּויטע
אַרבּײַטער-אָרגאַניזאַציעס: און דאָס איז דאָך אויך שעדליך פֿאַר די
ענטוויקלונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט. די פֿערטרעטער
פֿון די אײַנוואַנדערונגס-לענדער האָבּען אױף׳ן קאָנגרעס געבּילדעט אַ
קלײַנע מינדערהײַט און האָבּען פֿיעל נאָכגעגעבּען דער מעהרהײַט,
אָבּער אין אַמעריקאַ אַלײַן האָט די שטוטגאַרטער רעזאָלוציע קײַן שום
ערפֿאָלג ניט געהאַט, און די אַרבּײַטער פֿון די פֿעראײַניגטע שטאַטען
פֿערבּלײַבּען, ווי פֿריהער, בּײַ זײַערע פֿאָדערונגען צו בּעשרענקען די
אײַנוואַנדערונג.

צווײַטענס, זענען די יודישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראײַנען ווענינ
פֿעהינ דערצו, אָנצופֿיהרען פֿערהאַנדלונגען מִיט די אַרבּײַטער-אָרגאַני-
זאַציעס פֿון מעבר לים און צו דערגרײַכען ווירקזאַמע אָבּמאַכען מִיט
זײ. די יודישע פֿעראײַנען וועלען קײַן מאָל ניט זײַן זעלבּסטשטענדיג,
זײ וועלען אַרײַנגעהען, אַלס טײל, אין די אַלגעמײַנע פּראָפֿעסיאָנעלע
אָרגאַניזאַציעס פֿון רוסלאַנד, עסטרײַך, רומעניען, און אָהן דער הסכּמה
פֿון אָט די גרעסערע אינטערנאַציאָנאַלע פֿעראײַנען, פֿון זײַערע צענ-
טראַל-פֿערוואַלטונגען וועלען זײ ניט טאָרען זיך בּעשעפֿטיגען מִיט
עמיגראַציאָנס-רעגולירונג. דאָ האַנדעלט זיך דאָך ניט וועגען ק ו ל ט ו-
ר ע ל ע אויטאָנאָמיע פֿון די יודישע סעקציעס אין די פּראָפֿעסיאָנעלע
פֿעראײַנען, דאָ איז די רעד מכּח אַ העכסט וויכטיגער און פֿעראַנט-
וואָרטליכער פֿ י נ אַ נ צ י ע ל ע ר פֿונקציע, ווי די רײַזע-אונטערשטיצונג
און אַרבּײַטס-אינפֿאָרמאַציע פֿאַר אַרבּײַטער, וועלכע פֿאָהרען איבּער׳ן
אָקעאַן; און דיזע פֿראַגע ווערט בּענענענען זעהר פֿיעלע שוועריגקײַטען
מצד די צענטראַלע פֿעראײַנען, וועלכע וועלען קוים מסכּים זײַן, אַז
די יודישע אַרבּײַטער זאָלען געניסען אַזוינע גרויסע, טײַער-קאָסטענדע
פּריווילעגיעס אין פֿערגלײַך מִיט זײַערע חבֿרים פֿון אַנדערע נאַציעס,
בּײַ וועלכע די עמיגראַציע איז פֿיעל שוואַכער, ווי בּײַ יודען.

דריטענס, זענען די יודישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראײַנען, מחמת
דעם קלײַן-האַנדווערקערישען כאַראַקטער פֿון דעם גרויסען רוב יודישע
אַרבּײַטער אין מזרח-אײראָפּאַ, און צוליעב דעם סעזאָן-כאַראַקטער פֿון
דער יודישער אַרבּײַט, איבּערהויפּט צו ווענינ שטאַנדהאַפֿט און צו
שוואַך פֿינאַנציעל, כּדי צו אונטערנעהמען מִיט ערפֿאָלג אַזאַ ווײַטע

און בּרייטע אינפאָרמאַציאָנס- און אונטערשטיצונגס-טהעטיגקייט, וועלכע פאָדערט זיך פאַר דער עמיגראַציע אין וויטע לענדער.

פערטענס, — און דאָס איז פיללייכט די הויפּטזאַך, — איז די פינאַנציעלע לייסטונגס-פעהיגקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען אפילו אין בּעסטען פאַל זעהר בּעשרענקט, מיט די סומען, וואָס ווענען אויפגעזאַמעלט פון אַרבּייטער-גראָשענס, מוזען זיי אָנפיהרען שטרייקען, אויסהאַלטען אַרבּייטסלאָזע א. ז. וו. א. ז. וו. — אַלזאָ וועט יעדענפאַלס בּלייבּען פיר די עמיגראַציאָנס-אונטערשטיצונג נאָר א קליינער פּראָצענט פון זייער בּיודזשעט. און דיזע בּעשרענקונג פון זייער טהעטיגקייט בּענענעט זיך נאָך מיט א צווייטער בּעשרענקונג — נעמליך, וואָס די גאַנצע וואַנדערונגס-רעגולירונג, וועלכע קען אָנגעפיהרט ווערען פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען און בּכלל פון די אַרבּייטער-אָרגאַניזאַציעס, קען זיך בּעציהען נור אויף די אַרבּייטער-עמיגראַציע: פון די אינפאָר-מאַציאָנס-דינסטען פון דיזע פעראיינען קענען אפילו נעניסען אַלע אַרבּייטער, אָבּער מיט זייער דירעקטער פינאַנציעלער אונטערשטיצונג האָבּען דאָס רעכט זיך צו בּענוצען נור די אָרגאַניזירטע אַרבּייטער, וועלכע געהערען צו די דאָזינע אָרגאַניזאַציעס און צאָהלען אין זיי רענעלמעסיג זייער מיטגליעדס-שטייער. דאָס הייסט, אַלזאָ, אַז די פּראָ-פעסיאָנעלע פעראיינען פון די יודישע אַרבּייטער וועלען אפילו אין דער בּעסערער צוקונפט קענען נור אין א קליינעם מאָס ערפילען די אויפגאַבּען פון דער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג און דאָס אויך נור פיר א פערשווינדענד קליינעם טייל פון אַלע יודישע עמיגראַנטען, ווייל נאַטירליך בּעשטעהט דער אונגעהויערער רוב עמיגראַנטען ניט פון אָרגאַניזירטע אַרבּייטער. ס'איז אויך קלאָר, אַז די וואַנדערנדע הענדלער און קליינע מייסטערלעך קענען פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען שוין אַבּסאָלוט קיין שום נוצען ניט בּעקומען.

די פרייע געזעל-שאפטליכע איני-ציאטיוו.

פון די פיער פאָרמען געזעלשאַפטליכע אָרגאַני-זאַציעס, וואָס מיר האָבּען איבּערגעצעהלט, וואָלט אַלזאָ די מלוכה זיין פעהיג נעהמען אויף זיך אויסצופיהרען דאָס גאַנצע פּראָגראַם פון דער דירעקטער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג, אָבּער די מלוכה וועט דאָס נאָך אַזוי גיך ניט טאָן און דערווייל איז אויף איהר דאָ ווענינ וואָס צו האָפען; די נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמע איינריכטונגען וואָלטען קענען אויספיהרען א וויכטיגען טייל פון דעם פּראָגראַם, אָבּער דערווייל, כל זמן אַזוינע איינריכטונגען

עָקזיסטירעָן נאָך גאָר ניט ביַי אונז, קעָן די קהילה, — דיזעָר קערן פון דער צוקונפטיגעָר אויטאָנאָמיעָ, — אויף זיך נעָהמעָן נאָר א קליינעָם טייל פונקציעָס. און הערכסטעָנס, צוטרעָטעָן און מיטהעָלפעָן יעָנעָ רעָגולירונגס-אָרגאַניזאַציעָס, וואָס וועָלעָן אויף זיך פריַי נעָהמעָן דעָם גאַנצעָן ענין. און צום סוף די פראָפעָסיאָנעָלעָ פעָראיינעָן, וועַלכעָ קעָנעָן דערוויַיל נאָך לחלוטין גאָר נישט טאָן אין דעָר היינטיגעָר צייט, וועָלעָן אויך שפּעטעָר זעָהר ווענינ פעָהינ זיַין צו ערפילעָן פון דעָם גאַנצעָן פראָגראַם. און ווען מיר געָהעָן אַריבעָר צו די פרייעָ געָזעָל-שאַפטליכעָ אָרגאַניזאַציעָס, מוזעָן מיר קודם כל פעָסט-שטעָלעָן, אַז וואָס וועָניגעָר עָס קעָנעָן אין דיזעָר היינטיגט אויפ-טאָן די איבעָריגעָ דריַי געָזעָלשאַפטליכעָ קרעָפטעָן, אַלץ מעָהר מוז אויף זיך נעָהמעָן די פריַיעָ געָזעָלשאַפטליכעָ איניציאַטיוו, כדי די נויטעָן פון די עָמיגראַנטעָן זאָלעָן געָהעָריג בעָפרידינט ווערעָן. ווי מיר האָבעָן אָט עָרשט געָזעָהעָן, וועָלעָן די מלוכה, די געָמיינדעָ, די פראָפעָסיאָנעָלעָ פעָראיינעָן לע״ע כמעט גאָר נישט קעָנעָן אָדעָר נישט וועָלעָן מאַכעָן; דעָריבעָר קומט אויס דעָר פרייעָר געָזעָלשאַפטליכעָר איניציאַטיוו צו נעָהמעָן אויף זיך דאָס גאַנצעָ אויבעָן געָשילדערטעָ פראָגראַם פון דעָר דירעָקטעָר עָמיגראַציאָנס-רעָגולירונג.

צי קען זי ערפילען די אויפגאבען פון דער עמיגראציאנס-רעגולירונג?

דאָ מוזעָן מיר ווידעָר דערמאָהנעָן דעָם דאָפּעָל-טעַן האַראַקטעָר פון דעָר עָמיגראַציעָ ביַי יודעָן — וואָס זי איז פון איין זייט א וואוילטאַט פאַר דאָס פאָלק, און פון דעָר צווייטעָר זייט דאָך ניט קיין ראַדיקאַלעָ לעָזונג פון דעָר פאָלקס-נויט, גאָר ניט מעָהר ווי אַ פּאַליאַטיוו. די עָמיגראַציעָ איז אַ הערכסטוואוילבּרענגענדעָר פּאַליאַטיוו, אָבעָר דאָך אַ פּאַליאַטיוו. און דאָסזעָלבעָ וואָלט אויך זיַין די ברייטעָ און אַלזייטיגעָ עָמיגראַציאָנס-רעָגולירונג, ווי מיר האָבעָן זי אויבעָן געָשיל-דערט אין אונזעָר פּראָגראַם: אַזאַ מין רעָגולירונג וואָלט בּרעָנגעָן אַ קרעָפטיגעָ רפואה געָגעָן די צרות, פון וועָלכעָ עָס ליידעָט אונזעָר עָמיגראַציעָ, אָבעָר בשום אופן ניט קיין ראַדיקאַלעָ היילונג פון דיזעַ צרות; דאָס וואָלט געָוועָן אַ שעָהנעָר, אַ ווירקזאַמעָר פּאַליאַטיוו געָגעָן אַ געָוויסעָן טייל פון די פאָלקס-ליידעָן, אָבעָר, נאָך דעָם אַלעָם, דאָך ניט מעָהר ווי אַ פּאַליאַטיוו. דאָס האַרבּעָ, אומבּאַרמהערציגעָ לעָבּעָן האָט שוין לאַנג אונז געָזאָלט אָנלערנעָן, אַז אין דעָם איז קיין שום סתירה ניטאָ, אַז מיר בּרויכעָן האָבּעָן פּאַליאַטיוועָן, ווייַל קיין ראַדי-

קאַלע לעזונג פון אונזערע פראגען קענען מיר יעצט ניט דערגרייכען און ניט ערווארטען, אָבער דאָסזעלבע לעבען האָט שוין אויך גענוג דייטליך בעוויזען, אז ווען מען מוז זיך בענוגענען מיט פּאַליאַטיווען, קען מען אויך שטרעבען די דאָזיגע פּאַליאַטיווען מאַכען וואָס קרעפּ-טיגער און וואָס ערפאָ"גרייכער. אַ לעזער, וועלכער איז געוואָהנט צו דענקען אייגזייטיג און מעטאַפיזיש — „יאָ — יאָ, ניט — ניט, און אַלעס איבריגע שטאַמט פון'ם שטן" — וועט דאָס, פיללייכט, ניט פערשטעהן, ווי קענען מיר רעדען וועגען אַ פּאַליאַטיוו, ווי וועגען אַ ברכה, — אָבער די יודישע מאַסען פערשטעהען דאָס פון זייער לעבען, ווי ווייט ווינ-שענסווערט וואָלט זיין אַ גוטער פּאַליאַטיוו אין דער עמיגראַציאָנס-פראַגע. אַ ראַדיקאַלע לעזונג איז דאָ פשיט אונמעגליך, ווייל די עמי-גראַציע מוז זיין אַ סטיכייאישער פראָצעס, און דעריבער מוז אין איהר אויך הערשען אנ'אַנאַרכיע, אַ געוויסער תהו ובוהו, כל זמן עס עקזי-סטירט די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע אַנאַרכיע פון דער קאַפּיטאַליסטי-שער פּראָדוקציאָן. דען די וואַנדערונגס-אַנאַרכיע איז ניט מעהר ווי אַ פּרט פון דער אַלגעמיינער אַנאַרכיע, די עמיגראַציע איז נור אַ צווייטע זייט פון יענער ערשיינונג, וועלכע הייסט אַרבייטסלאָזיגקייט. עס איז שוין גענוג בעוואוסט, אַז מכח אַ ראַדיקאַלער לעזונג פון דער אַר-בייטסלאָזען-פּראַגע איז ניטאָ וואָס צו רעדען אין דער קאַפּיטאַליסטי-שער געזעלשאַפט.

דאָ זענען בכלל נור מעגליך פּאַליאַטיווען. הייסט דאָס דען אַז מיר דאַרפען זיך אָבזאָגען און זיך אָבשאָקלען פון די מעגליכע פּאַליאַטיווען דערפאַר, ווייל זיי זענען נור פּאַליאַטיווען? קיין בר-דעת וועט דאָס ניט פאָדערן. דאָס איז איבערהויפּט דער תהו ובוהו, דער חאָאָס פון דער מאָדערנער אָרדנונג, דאָס איז דאָך איהר טראַ-געדיע און איהר אינערליכער ווידערשפּרוך, וואָס זי רופט אַרויס שווע-רע פּראָבלעמען, זי שאַפט שאַרפע קאָנפליקטען און העכסט אָנגע-שטרענגטע בעדערפנישען ביי די ברייטע מאַסען, זי ברייננט דערצו, אַז דיזע בעדערפנישען זאָלען זיך נויטען אין באַלדיגער הילף און זאָלען שרייען צום הימעל, — און אין דערזעלבער צייט עפענט זי ניט קיין שום דירעקטע וועגען צו מילדערן דיזע שרייענדע נויט, קיין שום מיטלען צו בעפּריעדיגען די ברענענדסטע בעדערפנישען. און ביי אונז יודען קומט נאָך צו צו דעם די טראַגעדיע פון דעם גלות, זיין בע-זונדערע אייגענאַרטיגע אַנאַרכיע, זיינע אייגענטימליכע אינערליכע ווי-

דערשפרוכען. פון דער צוזאמענווירקונג פון די דאזיגע צוויי סבות, — פון דער קאפיטאליסטישער אנארכיע מיט דער גלות-אהנמאהט ענטשטעהט ביי אונז א דאפעלטער אבגרונד צווישען דער ריעזינקייט פון די פראבלעמען און דער ווינציגקייט, אונבעדייטענהייט פון זייער מענליכער פארענטפערונג. הייסט עס דען אבער, אז מיר טארען ניט רעדען מכח ראדיקאלע פאליאטיווען? פונקט דער היפך! ווייל עס זענען דא די קאלאסאלע בעדערפענישען, און ווייל די מעגליכע ענטפערן אויף זיי שטימען ניט מיט זייער גרויסקייט, דוקא דערפאר מעג מען רעדען וועגען פאליאטיווען פון פערשידענער קראפט, — און וואס נעהנטער עס קומט צו דער ענטפער צום פראבלעם, וואס קלענער דער אבגרונד, אלץ קרעפטינער איז דער פאליאטיוו, אויף וועלכען דער ענטפער ווייזט אן. אזוי, מאלען מיר זיך אויס אזא צושטאנד. ווען די אהנמאכט פון גלות זאל שוין מעהר ניט ווירקען, עס זאל פערבלייבען פאר אונז יודען. ווי פאר אלע איבעריגע פעלקער נור די קאפיטאליסטישע אנארכיע, מיר זאלען זיך אין אלע הינזיכטען אויסגלייכען מיט די אומות העולם, — דאס וואלט זיין דער ראדיקאלסטער פאליאטיוו אנטקעגען אונזערע פאלקס-צרות. און דיזער פאליאטיוו איז דער ציוניזם. מיר קענען זיך אבער אויך מאלען קלענערע פאליאטיווען, און דאס אויך אין א פערשידענעם גראד. דער ראדיקאלסטער פאליאטיוו פאר אונזער עמיגראציאנס-פראבלעם איז די קאנצענטרירטע קאלאניזאציע, וועלכע פיהרט צו דער פערווירקליכונג פון ציוניזם. דאס וואלט זיין אזא פאליאטיוו, וואס וואלט מיט זיך פארשטעלען אנ'אמת'ע איבערקעהרעניש אין די טיעפסטע יסודות פון דעם יודישען לעבען. דאך שטעלען מיר זיך פאר, און א גרויסער טייל פון דעם יודישען פאלק גלויבט אין דעם, — אז די דאזיגע מהפכה קען דורכגעהן אהן דער הילף פון וועלכער ניט איז מלוכה-מאכט, און בלויז דורך ענערגישע טהעטיגקייט פון א פרייער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע (ווי דער ציוניסטישער קאנגרעס, פערשידענע ציוניסטישע אונטערנעהמונגען, דער וועלט-פערבאנד „פועלי ציון", פאלעסטינא-ארבייטער-פאנד א. ד. גל.); נאטירליך, איז דערצו נויטיג, די דאזיגע ארגאניזאציע זאל פיהרען א פערנינפטיגע פאליטיק, זי זאל זיך צופאסען צו די לעבענס-בעדינגונגען, צו די סטיכיישע, פון איהר בעוואוסטזיינען ווילען אונאבהענגיגע, פראצעסען, וואס קומען פאר אין דער יודישער עמיגראציע און אין יענעם לאנד, וואו דיזע

אָרגאַניזאַציע אַרבייט. און יענער, ווער עס ניט נור צו, אַז דורך פּרייע געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע קען דורכגעפיהרט ווערען אַזאַ ראַדיקאַלע אַרבייט, ווי די ציוניסטישע, מוז אויך מסכים זיין, אַז פיעל ווענינער קרעפטיגע פּאָליאַטיוועןקענען אויך ערפיעלט ווערען דורך פּרייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. ווען עס וואָלט ערפיעלט געוועזען דאָס גאַנצע פּראָגראַם פון דער דירעקטער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג, וואָלט דערמיט געוויס אַרייננעטראָגען געוואָרען אין דאָס עמיגראַציאָנס-געביעט אַ ראַדיקאַלע פערבעסערונג. דעריבער קענען מיר אויפשטעלען די פראַגע: אויף וויפיעל איז מעגליך, אַ פרייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע זאָל דורכפיהרען אַ ראַדיקאַל-פּאַליאַטיווע עמיגראַציאָנס-רעגולירונג? און — ווי אַזוי דאַרף געבויט ווערען יענע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיין פעהיג דאָס דורכצופיהרען?

אויף ווי ווייט קען א פרייע ארגאניזאציע רעגולירען דיישע וואנדערונג?

עס איז קלאָר, אַז אַ פרייע אָרגאַניזאַציע קען ניט מאַכען דאָס, וואָס מיר האָבען אויבען בעצייכענט אַלס אינדירעקטע עמיגראַציאָנס-רעגולירונג: זי קען ניט אָבשוואַכען די רעכטלאָזיגקייט, די פּאָגראָמען, דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכע פערשטאַרקען די יודישע עמיגראַציע; זי קען נור דירעקט רעגולירען די וואַנדערונג ד. ה. נור ערלייכטערן איהר גאַנג. און פון יענע צוויי ציעלען, וועלכע עס קען פערפאָלגען די עמיגראַציאָנס-רעגולירונג, — די פערקלענערונג אָדער די ערלייכטערונג פון דער יודישער עמיגראַציע —האָט די דירעקטע רעגולירונג אַ שייכות נור צו דעם צווייטען ציעל; דעריבער קען אַ פרייע געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע נור ערלייכטערן די עמיגראַציע, און אויב זי וואָלט זיך געשטעלט דעם ציועק, די וואַנדערונג אָבצושוואַכען, זי קלענער צו מאַכען, וואָלט זי אין דער ריכטונג גאָר נישט דערגרייכט. די פערקלענערונג און די ערלייכטערונג פון דער עמיגראַציע, ווען מען נעהמט זיי ביידע צוזאַמען, בילדען מיט זיך דאָס, וואָס מען קען אָנרופען די נאָרמאַליזירונג פון דער עמיגראַציע; פון אָט דער נאָרמאַליזירונג קען, הייסט דאָס, אַ פרייע אָרגאַניזאַציע דורכפיהרען נור די פּאָזיטיווע זייט. דאָס אַליין איז אָבער אויך אַ ריעזיגע אויפגאַבע, דאָס איז אַזאַ ברייטעס פעלד, דאָס דערצו ברויכט מען גאַניץ אומגעוועהנליכע קראַפט-אַנשטרענגונג און באמת היסטאָרישע בעגייסטערונג, אויב מען שטרעבט צו ערפיעלען

זי אין איהר גאנצען אומפאנג. ה' וו. מ. האלט אין איין איבער'חזר'ן,
אז די רעגולירונג פון דער עמיגראציע איז אנ'ארימע „פראזע", ווייל
דא האנדעלט זיך דאך נור וועגען שיפס־קארטען און באגאזש, ניטא
פון וואס נתפעל צו ווערען, מען טאר אבער ניט אריינטראגען
קיין שום „ראמאנטיזם", קיין שום בעגייסטערונג. גאנץ דאסזעלבע
וואלט מען קענען מיט דער זעלבער קלוגהייט און נעראסענהייט בע-
הויפטען אויך מכח דער טעטיגקייט פון דער פראפעסיאנעלער אדער
קאאפעראטיווער ארגאניזאציע פון דעם ארבייטער־קלאס. דאס אלעס
מעג מען טענה'ן, ג[illegible] דאך די לאנגווייליגסטע פראזע — פינף קאפיקעס
שכירות, א האלבע שטונדע פונ'ם ארבייטס־טאג, מיט א גראשען ביי־
לינער בולבעס, בעסער געבאקענע בולקע — ניטא פון וואס נתפעל צו
ווערען. א ראמאנטיקער איז יעדערער, ווער עס בעגייסטערט זיך צו־
ליעב אזוינע קלייניגקייטען! מיר קענען נור איינווענדען דעם ה' וו. מ.,
אז אלעס גרויסעס אינ'ם לעבען ענטשטעהט און בעשטעהט פון
אלטעגליכע קלייניגקייטען און פון לאנגווייליגער פראזע. די נפקא מינא
איז אבער, אויף וועלכע סאציאלע ברייט און אין וועלכע היסטארישע
ווייט עס פערשפרייטען זיך די דאזיגע „קלייניגקייטען". און היות די
עמיגרירענדע מאסען שטעלען מיט זיך פאר אין סאציאלער הינזיכט
א ברייטע געזעלשאפטליכע שיכט, און אין היסטארישען זין האט די
עמיגראציע פאר זיך אויך א גאנץ לאנגע צוקונפט — קען מען ממילא
די רעגולירונגס־ארבייט ניט נידריגער שעצען, ווי אנ'ערך די קאאפערא־
טיווע, און בילינע שיפס־קארטען ניט נידריגער, ווי בילינען קארטאפעל.
פרובען מיר נור זיך פארשטעלען, וואס פאר אנ'ארבייט דאס איז —
רעגולירען די עמיגראציע, ווי מיר האבען זי אויסגערעכענט אויבען
אין דעם רעגולירונגס־פראגראם. אנ'ארגאניזאציע, וועלכע זאל דאס
אלעס ערפילען, מוז זיין אזוי קרעפטיג, אזוי עלאסטיש, בעוועגליך
און ברייט פערצווייגט, זי זאל קענען שריט ביי שריט פאלגען נאך'ן
עמיגראנט אויף זיין דארניגען וועג, שטענדיג גרייט זיין צו איילען איהם
צו הילף באלד ווי ער ליידעט עטוואס אין וועג אדער איהם טרעפט
זיך וועלכע ניט איז סכנה, די ארגאניזאציע דארף דא תמיד שטעהן
מיט אנגעגעארטעלטע לענדען, בעוואפענט מיט איהר גאנצען איינפלוס
און מיט איהר גאנצער בעגייסטערונג — יא, בעגייסטערונג, כדי צו אונ־
טערשטיצען יעדען ליידענדען וואנדערער, צו פערטיידיגען זיין מענש־
ליכע עהרע, צו שיצען זיינע לעבעדיגסטע אינטערעסען. ווער קען אנ־

רופֿען פּראָזאַאיש אַזאַ אָנגעשטרענגטע אַרבײַט, װער װעט האָבען די העזה אױסצולאַכען די בעגײַסטערונג, װאָס עס פֿאָדערט זיך כּדי צו שאַפֿען אַזאַ אָרגאַניזאַציע? װער װעט לײַקענען, אַז דאָ פֿאָדערט זיך הײַסע ליבע צו דעם פֿאָלק, טיפֿער גלױבען אין די הײַלענדע קראַפֿט, אין די היסטאָרישע אױסזיכטען פֿון דער עמיגראַציאָנס-בעװעגונג, אַז די פֿיהרער פֿון אַזאַ אָרגאַניזאַציע מוזען זײַן דורכגעדרונגען מיט דעם שטאַרקסטען און װאַרעמסטען אינטערעס צו דער עמיגראַציאָנס-פֿראַגע?

די מיטלען פון אזא פרייער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע.

יאָ, דאָ איז נױטיג בעגײַסטערונג. אַ פֿרײַע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציע בעזיצט נור צו שװאַכע מיטלען, כּדי זי זאָל קענען עטװאָס ראַדיקאַלעס אױספֿיהרען אָהן דער געהעריגער בעגײַסטערונג, נור דורך די מעכאַנישע קראַפֿט פֿון איהר רעגולירונגס-אַפּאַראַט. װאָס אַנבעלאַנגט ידיעות, איז אפשר נאָך מעגליך, אַזאַ אָרגאַניזאַציע זאָל זײַ בעזיצען נאָך מעהר און נאָך בעסערע, זיכערערע אײדער אַ מלוכה-אײַנריכטונג; זי זאָל בעקומען דורך איהרע פֿערצװײַגטע פֿיליאַלען אין דער גאַנצער װעלט די אױספֿיהרליכסטע אינפֿאָרמאַציע צוליעב איהרע קליענטען-עמיגראַנטען; װאָס אַנבעלאַנגט אָבער קאַפּיטאַלען און אײַנפֿלוס, קען זי זיך נעװיס ניט גלײַכען צו אַ מלוכה אָדער צו די אָרגאַנען פֿון נאַציאָנאַלער זעלבסטפֿערװאַלטונג. די גאַנצע װירקונג און אײַנפֿלוס פֿון אַזאַ פֿרײַער אָרגאַניזאַציע קען זיך שטיצען נור אױף פֿאָלגענדע מיטלען, װעלכע זי בעזיצט. ערשטענס, קען זי בױען אױף דער מאַכט פֿון איהרע קאַפּיטאַלען, — נאַטירליך אױב די לעצטע זענען נענוג גרױס. ניט בעזיצענדיג קײַן שום צװאַנגס-מיטלען, מוז זי צוציהען צו זיך דעם צוטרױ פֿון די עמיגראַנטען און די אַכטונג פֿון די רעגירונגען, פֿון די שיפֿס-קאָמפּאַניעס נור דורך איהר רײַכקײַט, נור דורך איהר קרעדיטפֿעהינקײַט. מיט איהרע קאַפּיטאַלען קען זי זיך בעגנוגענען מיט קלענערען רוח, װי די פּריװאַטע קאָנטאָרען, און אױף אַזאַ אופֿן בײַקומען זײַ דורך קאָנקורענץ; זי קען אױך פֿיר די שיפֿס-קאָמפּאַניעס פֿאָרשטעלען מיט זיך אַ מעהר זיכערן קאָנטראַהענט, װי די פֿינאַנציעל שװאַכערע פּריװאַטע אונטערנעהמער. ד. ה. נענען די חברה-לײַט, װעלכע עקספּלואַטירען די עמיגראַנטען-מאַסע, קען די פֿרײַע אָרגאַניזאַציע פֿיהרען נור אַ קאָנקורענץ-קאַמפּף, און ניט דירעקט פֿערפֿאָ־גען זײַ מיט דער מאַכט פֿון נעזעץ. דאַן װײַטער, װען זי װעט זיך שױן ערװערבען דאָס פֿערטרױען פֿון די מאַסען און אַ גרױסען אױ-

טאָריטעט, וועט זי קענען אויך אָנווענדען נעגען די צו פיעל עקס-פלואטאטאָרישע שיפס-געזעלשאפטען דעם מיטעל פון באָיקאָט: ד. ה זי קען פערעפענטליכען די נעמען פון יענע קאָמפּאַניעס אָדער פון יענע שיפען, אויף וועלכע מען בעהאנדעלט שענדליך די עמיגראנטען, פון יענע קאנטאָרען, וועלכע בעשווינדלען זייערע קליענטען; זי קען ערקלערען אויף זיי א באָיקאָט אונטער דער באָיקאָט-דראָהונג וועט זי אימשטאנד זיין צו צווינגען די קאנטאָרען און קאָמפּאַניעס מאכען די אָדער יענע הנחות פאר די עמיגראנטען. אנ'איינפלוסרייכע רעגולי-רונגס-אָרגאַניזאציע וואלט נעקענט אפילו פּועל'ן, אז די שיפס-קארטען פון יענע געזעלשאפטען, וועלכע האָבען זיך מיט איהר געשטעלט אין פערבינדונג און האבען בעווילינט געוויסע הנחות, פאר די עמי-גראנטען, זאלען אויף זיך טראָגען א ספּעציעלען צייכען אָדער צעטעל מיט דעם שטעמפּעל פון דער רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע; אזא צעטעל („לעבעל", label) ווערט אָפט נעברויכט פון די אמעריקאנער פראָ-פעסיאָנעלע פעראיינען (ווערען אנגעקלעפט אויף די סחורות), כדי אָנצוווייזען, אז דער קונה מעג דאָ זיכער זיין, דאָס די סחורה שטאמט פון עהרליכערע הענד. אויף אזא אופן וועלען די עמיגראנטען קויפען נור יענע שיפס-קארטען, ד. ה. נור פון יענע שיפס-קאָמפּאַניעס, אויף וועלכע די אָרגאַניזאציע האָט געגעבען איהר הכשר. — אויסערדעם, האָט נאָך די אָרגאַניזאציע אין איהר רשות דאָס מיטעל פון יורידישער הילף: ווען זי בעמערקט מצד די קאָמפּאַניעס וועלכע ניט איז מיס-ברויכען און עבירות, וועלכע מען קען געזעצליך פערפאָלגען, קען זי, שטיצענדיג זיך אויף'ן געזעץ, צוציהען די קאָמפּאַניע צום געריכט און צווינגען זי איינצוהאלטען די רויבערישע אפּעטיטען.

ס'איז קלאָר, אז כדי צו בענוצען אָט די אלע מיטלען, דעם פינאנציעלען דרוק, דעם נייסטינען איינפלוס אויף די מאַ-סען, דעם באָיקאָט (און „לעבעל") און די יורידישע ארגומענטאציע, מוז די רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע, קודם כל רעגאליזירט ווערען אין אלע לענדער, וואו איהר וועט אויסקומען צו ארבייטען; מיט אנדערע ווערטער זי מוז פּועל'ן, די רעגירונגען מוזען אָפיציעל געבען זייער הסכמה אויף איהר עקזיסטענץ און אויף איהר ארבייט. דערביי וועט אונ-בעדינגט ענטשטעהן א גאנצע רייהע שוועריגקייטען, וועלכע די רעגו-

וועלכע פאליטישע שטערונגען קען א פרייע ארגאניזאציע ניק בייקומען.

לירונגס-אָרגאַניזאַציע איז ניט בכּח אָבצושאַפען. ערשטענס, האָבען מיר שוין געזעהען, אז די רעגירונגען פאָלגען אין ווייער עמיגראציאָנס-פּאָליטיק גאַנץ אָפּט אַזוינע אינטערעסען, וועלכע האָבען גאָר נישט צו טון מיט די בעדערפנישען פון די וואַנדערנדע מאַסען, און ווייל די פרייע רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע ווערט אַ דאַנק דער לעגאַליזירונג אָבהענגיג פון די רעגירונגען, וועט זי זיך אויך מוזען רעכענען מיט אָט דיזע פערשיעדענע מלוכה-אינטערעסען. אַזוי, אין רוסלאַנד וועט די אַדמיניסטראַציע געווים שטרעבען אויסצונוצען די רעגולירונגס-אַנשטאַלטען צוליב איהרע פּאָליציייאישע צוועקען, די אַנשטאַלטען וועלען מוזען אכטונג געבען אויף די מיליטער-פּפליכטען און אויף די פּאָליטישע כּשרות פון די עמיגראַנטען, אין עסטרייך — אויף זייערע מיליטער-פּפליכטען. אין די פעראייניגטע שטאַטען נאָרד-אַמעריקאַ וועט מען מוזען זיך רעכענען מיט די איינוואַנדערונגס-בעשרענקונגען, און ס'איז אַ גרויסע פראַגע, ווי אַזוי די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט נאָך בכלל אַ קוק טאָן אויף די טעטיגקייט פון דער רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע. דער לעצטער פערבאָט מצד דער אַמעריקאַנער רעגירונג נעגען דאָס אַריינפאָהרען פון די נאַלוועסטאָנער אימיגראַנטען, ווייל דיזע אימיגראַנטען זענען כּלומר'שט „פערקאָנטראַקטירטע אַרבייטער" בעווייזט אַז זי קוקט מיט בייזע אויגען אויף אַזאַ מין טעטיגקייט. דיזעלבע טפלה, וועלכע די יט"א האָט בעקומען דערפאַר, ווייל זי פיהרט אַריין אין לאַנד כּלומר'שט „פערקאָנטראַקטירטע אַרבייטער", קען אויך סטראַשען יעדער אַנדערער רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע. נאַטירליך שטאַמט דיזער קלאַפּ פון דער יט"א פון איהר אייגענעם פעהלער, וואָס זי האָט עס ניט בעזאָרגט לכתחילה צו בעקומען די הסכּמה פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. ס'איז אפילו פאַר אַלעמען געוועזען גאָר אונערוואַרטעט, און מען האָט געמיינט אַז די רייכע מימע האָט מסתמא אַלעס פון אָנפאַנג איינגעאָרדנעט, היינט ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז זי האָט געטריבען לעכערליכע דיפּלאָמאַטיע, אפילו בנוגע צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג און דאָס ווייזט ווי נויטיג עס איז צו בעטאָנען, אַז די רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציעס מוזען זיין לעגאַליזירט (ניט נור אין רוסלאַנד!) און מוזען זיך רעכנען מיט די געזעצען פון אַלע לענדער, וואו זיי ווילען אַרבייטען.

צווייטענס, ווייל די אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין פּאָלקאָם רעגעל, וועט זי בשום אופן ניט קענען איינגאַנצען אָבשאַפען די הילפסלאָזיג-

קייט פֿון די עמיגראַנטען: כל זמן עס עקזיסטירט דאָס פּאַספּאָרטען-סיסטעם אין רוסלאַנד, אין רומעניען, דאָס מיליטער-דיענסט אין רוסלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן און רומעניען, כל זמן עס וועלען דויערן די פּאָליטישע פֿערפֿאָלגונגען געגען איינצעלנע פּערזאָנען אין רוסלאַנד, וועט אַ געוויסער טייל עמיגראַנטען נאָך אַלץ זיין געצוואונגען אָנקומען צ די „אַגענטען", צו די „שוואַרצערס", און וועט ניט קענען געניסען פֿון די וואוילטאַטען פֿון דער רעגולירונג אָט די אַלע אומשטאַנדען שאַפֿען מיט זיך די גרעסטע שוועריגקייט פֿאַר דער עמיגראַציאָנס רעגולירונג, און די פֿרייע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך שוין פֿון אָנפֿאַנג אָן אָבזאָגען פֿון דעם געדאַנק — אינגאַנצען אָבצושאַפֿען די געהיימע אַגענטען און אינגאַנצען צו בעשיצען די עמיגראַנטען געגען עקספּלואַטאַציע. — אויך אין איהר יורידישער אַריינמישונג איז די עמיגראַציע נאַטירליך בעשרענקט מיט די ראַמען פֿון די עקזיסטירענדע געזעצען: שאַפֿען נייע געזעצען קען זי ניט, דאָס ליעגט ניט אין איהר רשות. זי קען נור אויסנוצען יענע הנחות, וועלכע דאָס געזעץ האָט שוין אַליין געגעבען די עמיגראַנטען, און וועלכע די לעצטע קענען אָבער ניט געניסען מחמת זייער אונוויסענהייט און אָהנמאַכט.

וועלכע היסטאָרישע גרעניצען קען די דירעקטע רעגולי-רונג ניט אַריבער-שרייטען.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרען מכּח דעם וועלכע פּאָליטישע גרענִיצען ווערען געשטעלט דער רעגולירונגס-אַרבייט דורך דעם, וואָס אין איהר רייסען זיך אַריין די פֿערשיעדענע וויטיגע מלוכה-אינטערעסען. אָבער אין אָט די גרעניצען וואָלט דאָך אַ פֿרייע רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע געקענט פֿיעל לייסטען ביי דער איבערגעגעבענהייט צו דער זאַך, ווען זי זאָל אָנגעפֿיהרט ווערען פֿון קאָמפּעטענטע מענשען מיט אַ ברייטען קוק אויף די געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגען און מיט טיעפֿען אינטערעס צו דער עמיג-ראַציע. פֿון אָנפֿאַנג, ווען די קאַפּיטאַלען און דער איינפֿלוס זענען נאָך אונבעדייטענד, קען זי וועניג וואָס אויפֿטאָן, אָבער מיט דער צייט קען זי פֿיעל קראַפֿט ערווערבען און ערפֿילען אַלץ אַ גרעסערען טייל פֿון דעם דירעקטען רעגולירונגס-פּראָגראַם. ווען מיט דער צייט האַלטען אויך די רעגירונגען זיך געענדערט — און דעמאָקראַטיזירט, וואָלטען אויך פֿאַלען פֿיעלע פּאָליטישע שטערונגען פֿון יענע וואָס מיר האָבען אָט ערשט אויסגערעכענט. עס בלייבט אָבער אַ געוויסער היסטאָרישער גרעניץ, וואָס איהם וועט קיין שום דירעקטע רעגולירונגס-

אַרבייט ניט קענען אַריבערטרעטען, און דיזער גרעניץ איז יענע ראַדיקאַלסטער פּאַליאַטיוו פאַר דער עמיגראַציאָנס-פּראַגע, וועלכער בעשטעהט אין קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאַציע. ביז צו דיזעם ראַדיקאַלען מיטעל צו לעזען דאָס עמיגראַציאָנס-פּראָבלעם קען מען בשום אופן ניט דערגרייכען דורך די דירעקטע רעגולירונג פון דער עמיגראַציע. דיזע רעגולירונג קען אַריינטראָגען אין דעם וואַנדערונגס-שטראָם אַ געוויסע פּלאַנמעסיגקייט, אָבשוואַכען דעם חאַאָס, וואָס הערשט אין איהם, אָבער ניט צוגעבען איהם אויך אַן אויסען-ליגענדען צוועק, ניט אָבקערעווען דעם שטראָם אין נייע פוסטע אָדער שיטער-בעזעצטע לענדער. פערוואַנדלען די עמיגראַציע אין קאָלאָניזאַציע איז די דירעקטע רעגולירונג ניט בכח

דער געדאנק וועגען „בעהערשען די עמיגראציע".

דאָ שטויסען מיר זיך גלייך אָן אויף דער פּראַגע, צי איז עס מעגליך און אויף וויפיעל מעגליך צו בעהערשען די עמיגראַציע. היות די עמיגראַציע איז אַ סטיכייאישער פּראָצעס, פּרעגט זיך אין אַלגעמיינעם, אויף וויפיעל און ווי אַזוי איז עס מעגליך אַ סטיכייאישען פּראָצעס צו בעהערשען, צו מאַכען איהם פאַר אַ ווערקצייג אין די הענד פון דעם בעוואוסטזיניגען מענשליכען רצון? ס'איז קלאָר, אַז יעדע געשעהעניש אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט, צו וועלכער דער ציעל-בעוואוסטער מענש האָט זיך נאָך ניט צוגעריהרט, איז אַ סטיכייאישער פּראָצעס, און די מאַכט פון דעם מענשען איבער די נאַטור בעשטעהט טאַקי גראָד אין דעם, וואָס דער מענש לערנט זיך אויס אַלץ ברייטער צו בעהערשען די דאָזיגע סטיכייאישע פּראָצעסען. אויף אַזאַ אופן מוזען מיר צוגעבען, אַז דער אויסדרוק „סטיכייאישער פּראָצעס" זאָגט נאָך ניט דאָס דער מענש מיט זיין בעוואוסטזיין קען דאָ גאָר נישט אויפטון; דער אויסדרוק ווייזט אָן ניט מעהר ווי, אַז דער פּראָצעס, וועלכען מען מיינט, איז דערווייל נאָך ניט בעהערשט פון דעם מענשען. ווען מיר וועלען געברויכען פּשוטע בעגריפען און ניט אַריינ'חקרנ'ען זיך אין די פילאָזאָפישע דיסקוסיעס איבער די בעגריפען, בעהערשט דער מענש די סטיכייאישע פּראָצעסען פון דער נאַטור דורך דעם, וואָס ער ערקענט און נוצט אויס די געזעצמעסיגקייט פון דיזע פּראָצעסען; דער מענש קען קינסטליך צוזאַמענשטעלען, קאָמבינירען. דיזע געזעצמעסיגקייטען און די פּראָצעסען, כדי צו בעקומען די ווירקונגען, וועלכע ער ווינשט. אָבער ער איז בכלל ניט

אִים שטאַנד קִינסטלִיך צוּ שאַפֶען גאָר נַײַעֶ, נִיט עֶקזִיסטִירֶענדעֶ פּראָצֶעסֶען און דִיקטִירֶען דעֶר נאַטוּר אוֹיסגעֶטראַכטעֶ געֶזעֶצמעֶסִיגקַײטעֶן צוועֶקמעֶסִיג צוּ קאָמבִּינִירען דִי געֶזעֶצֶען פֿוּן דעֶר נאַטוּר, בּעֶהעֶרשעֶ זִי דוּרך קלוּגעֶ אוּנטעֶרטעֲנִיגקַײט — דאָס אִיז אַלעֶס, וואָס דעֶר בּשׂר וָדם קעֶן דעֶרגרַײכעֶן. אָבּעֶר אִין דעֶם געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶן לעֶבּעֶן אִיז עד היוֹם דִי מאַכט פֿוּנ׳ם מעֶנשלִיכעֶן בּעֶוואוּסטזַײן נאָך מעֶהר בּעֶגרעֶנצט דאַדוּרך, וואָס פִיעֶלעֶ פֿוּן דִי סטִיכִיַיאִישעֶ פּראָצעֶסעֶן אִין דעֶר קאַפִּיטאַלִיסטִישעֶר אָרדנוּנג טראָגעֶן אַ האַאָטִישעֶן כאַראַקטעֶר. וואָס אִין זִיךְ העֶרשעֶן אִינעֶרלִיכעֶ וִוידעֶרשפּרוּכעֶן און אַנאַרכִיעֶ. אִיך וועֶל דאָ ווִידעֶר אוֹיסמַײדעֶן אַרַײנצוּלאָזעֶן זִיךְ אִין פִילאָזאָפִישעֶ (עֶרקעֶנטנִיס־טעֶאָרעֶטִישעֶ) חקירוֹת, ווִי אַזוֹי און אִין וועֶלכעֶן זִין קעֶן מעֶן רעֶדעֶן ווֶעגעֶן אַנאַרכִיעֶ און כאַאָס דאָרט, וואוּ געֶווִיסעֶ טיעֶפגרַײפעֶנדעֶ געֶזעֶצמעֶסִיגקַײטען זעֶנעֶן דאָך שוֹין פעֶסטגעֶשטעֶלט געֶוואָרעֶן; אִין דעֶם רַײן־פּראַקטִישעֶן זִין, וועֶלכעֶר אִינטעֶרעֶסִירט אוּנז דאָ, בּעֶדַײטעֶט דִי אַנאַרכִיעֶ, דעֶר תהוּ ובהוּ אִינ׳ם געֶזעֶלשאַפטלִיכען לעֶבּעֶן גאָר נִישט אַנדעֶרעֶס, ווִי דאָס אַז אַזוֹינעֶ כאַאָטִישעֶ פּראָצעֶסעֶן לאָזעֶן זִיךְ נִיט בּעֶהעֶרשעֶן פֿוּן דעֶם מעֶנשעֶנס ווִילעֶן, דאָס זַײ ווִילעֶן נִיט פאָלגעֶן זַײנעֶ צוועֶקעֶן. ווִי מִיר האָבּען פֿרִיהעֶר געֶזעֶהעֶן, אִיז דִי עֶמִיגראַציאָנס־אַנאַרכִיעֶ עֶנג פֿעֶרבּוּנדעֶן מִיט דעֶם אַלגעֶמַײנעֶם תהוּ ובהוּ פֿוּן דעֶר פּראָדוּקציאָן; דעֶרפֿוּן אִיז קלאָר, אַז אָבּפִיהרעֶן בּעֶוואוּסטעֶרהַײט דעֶם עֶמִיגראַציאָנס־שטראָם אוֹיף נַײעֶ ווֶעגעֶן אִיז דעֶר אָרגאַנִיזִירטעֶר געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶר רצוֹן נִיט מסוגל. אִינגאַנצעֶן בּעֶהעֲרשעֶן אִיהם אִיז אוֹיסגעֶשלאָסעֶן. הַײסט דאָס דעֶן אָבּעֶר, אַז דאָ קעֶן מעֶן גאָר נִישט דעֶרגרַײכעֶן, און אַז מעֶן מוּז זִיךְ לחלוּטין אָבּזאָגעֶן פֿוּן בּעֶהעֶרשעֶן דִי עֶמִיגראַציעֶ? אִיךְ מַײן דאָס נִיט.

אִין דִי געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶ פּראָצעֶסעֶן קעֶן דעֶר מעֶנש נִיט קאָמבִּינִירעֶן דִי געֶזעֶצמעֶסִיגקַײטעֶן לוֹיט זַײן ווִילקִיר, אָבּעֶר אַרַײנטראָגעֶן מעֶהר בּעֶוואוּסטזַײן, מעֶהר פּלאַנמעֶסִיגקַײט, מעֶהר אָרדנוּנג אִין זַײעֶר גאַנג קעֶן עֶר דאָךְ, — זעֶלבּסטפֿעֶרשטעֶנדלִיךְ, נִיט דעֶר יחיד אִיז דאָס בּכֹח, נאָר אַ קרעֶפטִיגעֶ געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶ אָרגאַנִיזאַציעֶ. אָט דאָס אִיז טאַקִי דעֶר אוּנטעֶרשִיעֶד פֿוּן בּ ע ה ע ר ש ע ן צוּ ר ע ג וּ ל י ר ע ן: בּעֶהעֶרשעֶן בּעֶדַײטעֶט מעֶהר מאַכט, רעֶגוּלִירעֶן — ווֶעניגעֶר מאַכט, בּעֶהעֶרשוּנג אִיז דִי ווַײטעֶרדִיגעֶ און העֶכעֶרעֶ שטוּפֿעֶ פֿוּן דעֶר רעֶגוּלִירוּנג; דעֶר אוּנטעֶרשִיעֶד אִיז אִין כמוּת, און נִיט אִין איכוּת. רעֶגוּ־

ליִרען הײַסט שוין טײַלווײַז בעהערשען. דיזע בעהערשונג ווערט אָבער בעשרענקט דורך דעם, וואָס דער מענש קען די וואַנדערונג ניט אָנפיהרען לויט זײַן ווילען. ער איז נור אים שטאַנד זי רעגוליִרען, זי עקאָנאָמישער מאַכען, פערשפּאָרען די קרעפּטען, וועלכע זי פאַר-שווענדעט, פערשפּאָרען די יסורים, וועלכע זי מאַכט אָן; קורץ, די פרײַע נעזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע מוז נאָכפאָלגען גאָך דעם עמיגראַציאָנס-שטראָם אויף יענע ריכטונגען, וועלכע ער נעהמט אָן אַלײן פון זיך, זי קען איהם ניט פאָרשרײַבען אַזוינע ריכטונגען, וועלכע זי נעפינט פאַר בעסער. אַזוי ווי די וואַנדערונג ווענדעט זיך דער ווײַל ניט אין אײן אײנציגען צענטער, נאָר זי ניסט זיך, פערקערהרט, פאַנאַנדער אויף אַלע שבע ימים, מוז אויך די רעגוליִרענדע אָרגאַניזאַציע זיך צופּאַסען צו אָט דעם סטיכיִיאישען גאַנג פון דער עמיגראַציע, צו איהר צווייַגונג. אַלאַנגע צײַט נאָך מוזען מיר ערוואַרטען, אַז די רעגו-ליִרונג פון דער עמיגראַציע ווערט בעשטעהען אין דעם, וואָס ווי איהרע קאָנצענטריִרענדע, אַזוי אויך איהרע צווײַגענדע טענדענצען וועלען דורך די רעגוליִרונג ערלײַכטערט ווערען. מען קען ניט זאָגען סתם, אַז די עמיגראַציע צווײַט זיך פון זיך אַלײן: גײן, זי צווײַט זיך און זי קאָנצענטריִרט זיך אין אײן און דיזעלבע צײַט: דאָס הײַסט זי קאָנ-צענטריִרט זיך אין פיעלע צענטרען. אָט אָ די צווײַזײַטיג-קײַט פון דער יודישער וואַנדערונג, איהר פּאָליצענטריזם, בּרענגט דער-צו, וואָס אויך די רעגוליִרונגס-אָרגאַניזאַציע ווערט פאַר זיך האָבען אַ ברירה פון די צוויי טענדענצען: די רעגוליִרונגס-אָרגאַניזאַציע קען שטרעבען וואָס מעהר צו ערלײַכטערן און צו בעפרײַען די צווײַגענדע טענדענצען פון דעם עמיגראַציאָנס-שטראָם, זי קען אָבער אויך זיך סטאַרען צו בעגינסטיגען די קאָנצענטריִרענדע טענדענצען. פאַר יעדען טעריטאָריאַליסט איז קלאָר, אַז עס איז ווינשענס-ווערט, די רעגוליִרונגס-אָרגאַניזאַציע זאָל זיך שטעלען אויף דעם צווייטען וועג.

אויב יאָ, אויב די רעגוליִרונגס-אָרגאַניזאַציע קען יאָ מיטווירקען צו די קאָנצענטריִרונגס-טענדענצען פון דעם וואַנדערונגס-שטראָם, מעג מען זיך פּאָרט אויסמאָלען, אַז זי ווערט מיט דער צײַט אויך קענען זוכען נײַע אײַנוואַנדערונגס-ערטער. און אין דעם פּרט ווערט זי אויך מוזען פאָלגען דעם סטיכיִיאישען גאַנג פון דער וואַנדערונג, און וועגען אָבווענדען איהם אין גאָר גײַע לענדער קען גאַטירליך קײן רעד ניט זײַן. די אָרגאַניזאַציע מוז גור זײַן אויף אַזוי ווײַט פּאָראויסזיכטיג, זי

זאָל קענען צווישען יענע לענדער, וואוהין עס צערשטרייט זיך די וואַנדערונג, אויסגעפינען דעם פּאַסענדסטען צענטער, יענעם, פאַר וועלכען די צוקונפט איז אם מייסטען. די אָרגאַניזאַציע מוז פעהיג זיין פאָראויסצוזעהען, מוז האָבען דעם מוט צו היסטאָרישע ווייטזיכטיג־קייט, און דעם שכל אוים צומיידען דערביי אויך יעדען אוטאָפּיזם. צי קען א רעגולירונגס־אָרגאַניזאַציע זיין אויף אַזוי פיעל קלוג און קרעפטיג, איז א גרויסע פראַגע; יעדענפאַלס, איז דאָס דער מאַקסימום וועלכען זי קען דערגרייכען. זוכענדיג די נייע צוקונפטס־לענדער פון דער יודישער עמיגראַציע, ניט כדי די וואַנדערונג צו צוזייען, נאָר כדי זי ווי ווייט מעגליך צו קאָנצענטרירען, דערנעהט די אָרגאַניזאַציע ביז דער העכסטער מדרגה פון דער רעגולירונג, און אויף אַזאַ אופן קומט זי צו יענעם שטריך, וועלכער טיילט אָב די עמיגראַציע פון דער קאָלאָניזאַציע. די לעצטע אָבער געהערט שוין בשום אופן ניט צו דעם טעטיגקייטס־פעלד פון די רעגולירונגס־איינריכטונגען: דורך זייער טעטיגקייט אין דער ווייטער צוקונפט וועלען זיי אפשר אים שטאַנד זיין אינדירעקט צו העלפען דער קאָלאָניזאַציע, דורך דעם וואָס זיי וועלען זיך סטאַרען צו ערלייכטערן די איינוואָנדערונג אין דאָס קאָלאָניזאַציאָנס־לאַנד, אָבער אָנפיהרען די קאָלאָניזאַציע וועלען זיי ניט קענען.

ציוניסטישע אויסזיכ־טען פון דער רעגו־לירונגס־ארבייט.

דאָס איז אַלעס גערעדט געוואָרען אַבסטראַקט, מיר האָבען אין אַלגעמיין אָנגעדייטעט דעם גרעניץ ביז וועלכען עס קען געהן די עמיגראַציאָנס־רעגולירונג. עס איז אָבער אויך אין דער קאָנקרעטער ווירקליכקייט גאַנץ מעגליך, זי זאָל טאַקי דערגעהען אָט ביז דיזעם גרעניץ און די רעגולירונגס־אָרגאַניזאַציע זאָל טאַקי מיט דער צייט געצוואונגען ווערען זיך ווענדען צו ענערגישער קאָנצענטרירונגס־טעטיגקייט. דאָס וועט פאָרקומען ביי פאָלגענדע צוויי בעדינגונגען: פון איין זייט דאַרפען אַלע פריהעריגע לענדער פון דער יודישער איינוואַנדערונג פאַרמאַכען זייערע טויערען פאַר אונזערע עמיגראַנטען, און פון דער צווייטער זייט דאַרף א נייעס לאַנד אַרויסווייזען זיין פעהיגקייט אַריינצונעהמען אין זיך דעם יודישען וואַנדערער־שטראָם. די ערשטע בעדינגונג וועט צווינגען די רעגולירונגס־אָרגאַניזאַציע צו זוכען נייע לענדער, און די צווייטע בעדינגונג וועט איהר געבען די מעגליכקייט אַזאַ לאַנד צו געפינען. קיינע פון דיביידע בעדינגונגען געניגט ניט איינע אַליין. כדי

צו דערפֿיהרען די רעגולירונגס-ארבייט ביז צו ענערגישער און פּלאַנ-מעסיגער קאָנצענטראציע. ווען אלע ביזהעריגע אײַנוואנדערונגס-לענדער האָלטען שוין פערשלאָסען געוואָרען פאַר אונז, הייסט דאָס נור, אַז די רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע וואָלט מוזען אָנהויבען טראַכטען מכּח נייע לענדער, אָבער געפינען זיי אַליין וואָלט זי ניט קענען: ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, קען די רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע ניט אָבקערע-ווען די וואנדערונג אין נייע ערטער, זי איז אימשטאנד נור ערלייכטערן דעם גאנג פון דער עמיגראציע אין יענע לענדער, וואוהין זי פליסט פון זיך אַליין. ביידע בעדינגונגען ליגען אויסערהאלב פון דעם יודישען עמיגראציאָנס-פּראָצעס, מיט וועלכען די רעגולירונגס-אָרגאַני-זאַציע בעשעפטיגט זיך. אליין אַרויסרופען אין לעבען אָדער פאָרבערייטען די צווייטע בעדינגונג קען זי אויך ניט. אלזאָ, בלייבט אונז אויס צו וואַרטען, ביזוואנען די סטיכייאישע ענטוויקלונג וועט אַליין צו שטאַנד ברענגען ביידע אָנגעוויזענע תנאים. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז די רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע דאַרף און קען זיך ניט שטעלען צום פאָראויס דעם צוועק - צו זוכען נייע אײַנוואנדערונגס-לענדער, זי דאַרף זיך לכתחילה בעשעפטיגען נור מיט דער רעגולירונג אלס אַזעלכער, אָבער די געשיכטע קען זי מיט דער צייט ברענגען אויך צו אַ ברייטערער ארבייט, וועלכע וועט שוין גרענצען גלייך מיט דער קאָלאָניזאציע.

דערוויל וואָלט דאָס זיין לגמרי שעדליך, ווען מיר וואָלטען פּרובען שטעלען דער עמיגראַציאָנס-אָרגאַניזאציע אַזוינע ווייטע און צווייפעלהאפטע (פּראָבלעמאַטישע) אויפגאַבען, ווי אַנ׳ערך, די בעהער-שונג פון דער עמיגראציע אָדער די פערוואַנדלונג פון עמיגראַציע אין קאָלאָניזאציע. די וואַנדערונג בעריהרט ברענענדע אלטעגליכע אינטערעסען פון פאָלק, און די רעגולירונגס-ארבייט דאַרף אויף זיי געבען אַ תשובה. מיר מעגען סטאַרען זיך, אַז די רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע זאָל אכטונג געבען אויף אַלע ריכטונגען אין וועלכע עס פליסט דער יודישער וואנדערער-שטראָם; מיר מעגען פאָדערן, אַז די אַרבייט פון דער אָרגאַניזאציע זאָל זיך ניט בעשרענקען מיט יענעם גרויסען רוב עמיגראַנטען, וואָס פאָהרען נאָך אַמעריקא, נאָר זי זאָל זיך אויך בעציהען אויף יענעם קלענעם צווייג, וועלכער געהט אין דעם נאָהען-טען מזרח און ספּעציעל אין פּאלעסטינא; מיר מעגען פאָראויסזעהען

און פּאָראָויסזאָגען, וואוהין די דאָזיגע ארבייט וועט מיט דער צייט פיהרען, וועלכע נאציאָנאלע פּערספּעקטיווען זי עפנט פאר׳ן פאָלק, אָבער שטעלען דער רעגולירונגס-אָרגאַניזאציע טעריטאָריאַליסטישע אָדער ציוניסטישע צוועקען טאָרען מיר ניט, ווייל דאָס וואָלט זי אָבגעצויגען פון איהר דירעקטען וועג פון אַ־טעגליכער ארבייט אויף דעם וועג פון פריהצייטיגע עקספּערימענטען און אַוואַנטיורען.

## דעמאקראַטיע און פילאנטראפּיע אין דער רעגולירונג פון דער יודישער עמיגראציע:

וועדליג ווי מיר האָבען געשילדערט אין די ביזהעריגע אויספיהרונגען, איז קלאָר, אַז מכּח אַ ריין-קאַפּיטאַליסטישער רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע קען ניט זיין קיין רייד, ווייל אזא מין פרייע אָרגאַניזאַציע דאַרף שטרעבען ניט צו רוח, נאָר צו דעם וואויל פון די וואַנדערנדע מאַסען. זי ברויכט האָבען אַזאַ בענייטערונג און בעזיצען אַזאַ צוטרוי מצד די מאַסען, וואָס פאַר אַנ׳עקספּלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפט איז דאָס גאָר אונמעגליך. וועגען דעם טראַכט טאַקי ביי אונז קיינער ניט. ביי אונז רעדט מען אָבער זעהר פיעל מכּח אַ „דעמאָקראַטישער עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק;" און אין דער זעלבער צייט ווייסען מיר, אַז ביזהער האָט נאָך אונזער דעמאָקראַטיע גאָר גישט געטאָן צוליב רעגולירען די עמיגראַציע און אַלץ וואָס איז נור געמאַכט געוואָרען אין דער הינזיכט, שטאַמט דאָס פון די פילאַנטראָפּען, פון די יודישע „קולטוס-געמיינדען" (קהילות) אין אויסלאַנד, פון אונזערע „רייכע מומעס" ווי די אַליאַנס, די יק׳אַ, יט׳א, אַ. ז. וו. אַריבערגעהענדיג צו דער פראַגע, ווי אַזוי דאַרף געבויט ווערען די פרייע רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע, מוזען מיר זיך פאַנאַנדער-קלייבען אין דעם, וואָס קענען אין דעם פּרט דערגרייכען די יודישע דעמאקראַטיע און די יודישע פילאַנטראָפּיע, מיר דאַרפען אנאַליזירען די אינטערעסען און די קרעפטען. ווי פון דער ערשטער אַזוי אויך פון דער צווייטער. און דאַן ערשט וועלען מיר זעהען, וועלכע פעראייניגונג און קאָמבינירונג פון אונזערע געזעלשאַפט-ליכע קרעפטען איז נויטיג, כּדי איינצואָרדענען אַ פערניגפטיגע עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק.

ציקען די עמיגראצ־יאנס-ארגאניזאציע זיין ריין-דעמאקרא־טיש.

די, וואָס שרייען ביי אונז אזוי פיעל וועגען „דעמאָקראטישע עמיגראציאָנס-פּאָליטיק", האָבען גאָר נישט נעפּרובט זיך קלאָר צו מאכען, וואָס הייסט דעמאָקראטיע בכלל. „דעמאָקראטיע איז קודם כל זעלבסט-הילף, זעלבסט-טעטיגקייט, זעלבסט-אָרגאניזירונג" *) — אָט דאָס מוזען מיר נעדענקען, אויב מיר ווילען פערנינפטיג רעדען מכח עמיגראציאָנס-פּאָליטיק. דעמאָקראטיש איז נור דאָס, וואָס עס ווערט אָנגעפיהרט דורך די פעראינטערעסירטע גופא; דעמאָקראטיע בעדייטעט ניט הילף, נאָר זעלבסט-הילף, ניט רחמנות, נאָר קאמפף, זי בעדייטעט, אז ניט איינער זאָרגט וועגען א צווייטען, איין שיכט, איין קלאס וועגען א צווייטען שיכט, נאָר דער פעראינטערעסירטער פאָלקס-עלעמענט זאָרגט וועגען זיך אליין. דער, וועגען וועמען מען זאָרגט, דאַרף זיין דער זעלבער, וועלכער עס זאָרגט, כדי עס זאָל מעגליך זיין א דעמאָקראטישע טעטיגקייט; אין דער דעמאָקראטיע פאַלען צוזאמען דער סובּיעקט מיט דעם אָביעקט פון דער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. דאָרט אָבער, וואו אזא צוזאמענפאַלונג איז אונמעגליך, קען וועגען דעמאָק־ראַטיע קיין רעד ניט זיין. ווער בילדעט אָבער מיט זיך דעם אָביעקט פון דער עמיגראציאָנס-רעגולירונג? נאטירליך, די עמיגראנטען-מאסע, וועגען איהר דאַרף זאָרגען די רעגולירונגס-אָרגאניזאציע. צי קען אָבער די דאָזיגע מאסע זיין אויך דער סובּיעקט פון דער דאָזיגער רעגולירונג, צי קען די עמיגראנטען-מאסע זיך אליין רעגולירען? די דאָזיגע פראגע שטעלען זיך קיין מאָל ניט יענע, וועלכע האלטען אין איין אגיטירען פאר א דעמאָקראטישע עמיגראציאָנס-פּאָליטיק. זייערע געגנער לייקענען ענטשידען די פראגע; אזוי, זאָגט ה. וו. מעדעם, אז „די עמיגראנטען קענען זיין נור דער אָביעקט פון דער רעגולירונג, אָבער ניט איהר סובּיעקט", **) און דעראיבער ערלויבען זיך נור „ראָמאנטיקער" צו רעדען מכח דעמאָקראטישער רעגולירונג, אין דעם ענין איז מעגליך נור פילאנטראָפּיע. ה' וו. מעדעם בענעהט דעם זעלבען פעהלער, ווי די „ראָמאנטיקער" ווי ער רופט זיי אָן (צ.

---

*) אפרים בלומענפעלד, וועגען וויענער עמיגראציאנס-קאנגרעס („דאס פרייע ווארט 2, ז. 15).

**) וו. מעדעם, וועגען דער רעגולירונג פון דער עמיגראציע („יעווריי־אבאזר" 1910. 9 ז. 5).

ב. ה' בערטאלדי). דערמיט וואס גיט ער, ניט זיי אנאליזירען ניט טיעפער דעם בעשטאנד פון אט דער עמיגרירענדער מאסע.

די צוזאמענשטעלונג פון דער עמיגרירענדער מאסע.

פון וועמען זשע בעשטעהט די עמיגרירענדע מאסע? ריכטיגער געזאגט, וועלכע עמיגראציאנס שטופען קען מען אין איהר אויסטיילען? ערשטענס זענען דאס די עמיגראנטען אין ענגען זין פון ווארט, ד. ה. מענשען, וועלכע האבען זיך שוין אויפגעהויבען פון ארט, שוין געזעצט זיך אין באהן אדער נאר אויף'ן שיף, און נאך ניט אנגעקומען אויף'ן ארט, איינענטליך, זענען עס די פאסאזשירען—דער ערשטער טייל פון דער עמיגרירענדער מאסע. צווייטענס, געהערען צו איהר יענע מענשען וועלכע האלטען אין קלייבען זיך אין וועג אדער וועלכע זענען שוין אנגעקומען אויף'ן ארט, אבער נאך ניט איינגעארדנעט זיך דארטען; דאס זענען עמיגראנטען אין ברייטערען זין פון ווארט. דריטענס קען מען אהער צורעכענען אויך יענע אלע, ווער עס וועט נור מיט דער צייט אפשר פאהרען, ווייל זייגע לעבענס־יסודות אין דער אלטער היים האבען זיך שוין פאנאנדערגעשאקעלט, הגם דערווייל האלטען זיי זיך נענוג פעסט, כדי נאך ניט צו טראכטען מכח עמיגרירען. דאס זענען פאטענציעלע עמיגראנטען. עס זענען פאראן אויך פיעלע אזוינע, וואס וואלטען נערן אוועקגעפאהרען, אבער זיי האבען ניט די נויטיגע מיטלען — אזוינע געהערען אויך צו די פאטענציעלע עמיגראנטען. ווען ה' בערטאלדי רעדט, אנ'ערך, וועגען דער דעמאקראטישער עמיגראציאנס פאליטיק, מיינט ער, אז דאס גאנצע פאלק קען גלייך צוגעצויגען ווערען צו דער רעגולירונגס־טעטיגקייט, ד. ה. ביי איהם בעשטעהט דאס גאנצע יודישע פאלק פון פאטענציעלע עמיגראנטען, אלזא זענען יודען אנ'עמיגראנטען־פאלק. איז שוין קלאר, אז די עמיגראנטען־מאסע קען זיין דער סוביעקט פון דער רעגולירונג, זי קען זיך אליין רעגולירען. אויף אזא אופן פארברייטערט ער צו שטארק דעם בעגריף „עמיגראנט“, אזוי אז דיזער בעגריף פאלט צוזאמען מיט דעם בעגריף „יוד“. ה' וו. מעדעם פארקעהרט, פערשטעהט דעם בעגריף „עמיגראנט“ צו ענג, פאר איהם איז נור א פאסאזשיר אנ'עמיגראנט *), און ווי אנ'אמת'ער בעל

*) פערגל. וועגען דעם אינטערעסאנטע אויספיהרונגען פון ה' מ. ב. ראטנער, „די עמיגראציאנס־פראגען“, („יעוור אבאזר“, 1910, 13 ).

צדקה מיט אַ פֿילאַנטראָפּישען קוק אויף די עמיגראציע, שטעלט ער זיך נאָר ניט פֿאָר, אַז די רעגולירונג זאָל זיין אנדערש, ווי אויף פֿילאַנטראָפּישע יסודות.

די דעמאָקראטישע אינטערעסען אין דער עמיגראציע.

ווען מיר פֿאַרשטעהען אָבער דעם בעגריף עמיגראַנט און די ווירקונגען פֿון דער עמיגראציע רעאַליסטיש, ניט אוטאָפּיסטיש און ניט פֿילאַנטראָפּיש, דאַן מוזען מיר אונטערשיידען גלייך מיט די פֿערשיעדענע עמיגראַציאָנס-שטופֿען (פּאַסאַזשיר, סתם עמיגראַנט און פּאָטענציעלער עמיגראַנט) אויך פֿערשיעדענע גראַדען פֿ ע ר א י נ ט ע ר ע ס י ר ט ה י י ט אין דער רעגולירונג פֿון דער עמיגראציע און פֿערשיעדענע גראַדען ק ר אַ פֿ ט צו פֿערזאָרגען דיזע אינטערעסען. נאַטירליך זענען די „פּאַסאַזשירען„ די עמיגראַנטען, וואָס געפֿינען זיך אין וועג. אַם אונמיטעלבאַרסטען פֿעראינטערעסירט אין דעם רעגולירען די וואַנדערונג זיי זענען אָבער אונפֿעהיג צו וועלכער ניט איז אָרגאַניזאַטאָרישער איניציאַטיוו אָדער צום קאַמפּף פֿאַר זייערע אינטערעסען. דער אינטערעס איז ביי זיי דער שטאַרקסטער, אָבער אין קראַפֿט זענען זיי די שוואַכסטע פֿון דער גאַנצער וואַנדערער-אַרמעע. זיי קענען ווענען זיך אליין ניט זאָרגען, זיי מוזען אנדערע בעזאָרגען. די „פּאַסאַזשירען" אַלס אַזעלכע קענען זיין נור דער אָביעקט, אָבער ניט גלייכצייטיג דער סוביעקט פֿון דער רעגולירונג. די „אָרגאַניזאַציע פֿון פּאַסאַזשירען" איז, בלי ספק, אַ פּוסטער חלום. דאָס גרעסטע, וואָס זיי וואָלטען זיין איס שטאַנד דורכצופֿיהרען, איז איין מאָל אין אַ שמיטה אַ שטרייק אין דער עמיגראַנטען-קאַנטאָר אָדער אויף'ן שיף; איז אויך פֿאָדערט זיך צוליעב אַזאַ שטרייק אַזוי פֿיעל עמפּערונג, סאָלידאַריטעטס-געפֿיהל און דאָס מוט די עמיגראַנטען זענען קוים פֿעהיג איהם אויסצוהאַלטען און צו געווינען, ווען די גאַנצע עמיגראַציאָנס-רעגולירונג זאָל בעשטעהען בלויז אין בעזאָרגען די וואַנדערער אין וועג, די „פּאַסאַזשירען" וואָלט דאָ נאַטירליך ניט געווען קיין שום רעדע מכח דעמאָקראַטישע פּאָליטיק. ווי דעמאָקראַטיש זאָלען אפילו ניט געבויט ווערען יענע עמיגראַציאָנס-איינריכטונגען, וואָס וואָלטען זיך בעשרענקען נור מיט דער בעזאָרגונג פֿון די „פּאַסאַזשירען", דאָך וועט אין זיי מוזען הערשען אַ פֿילאַנטראָפּישע געזינונג, ווייל דער עמיגראַנט וועט תמיד אהין קומען מיט זיין פּסיכאָלאָגיע פֿון אָבהענגיגקייט און הילפֿסלאָזיג-

קײט. און אפילו די בעסטע טוער װאָלטען זיך מיט דער צײט צוגעװעהנען צו בעהאנדלען די עמיגראנטען אויף'ן פילאנטראָפּישען שטײגער.

אָבער װי די עמיגראציאָנס־פּראגע, אזױ דאָס דירעקטע רעגולירונגס-פּראָגראם, װי אויך די טעטיגקײט בנוגע צו אינדירעקטער רעגולירונג זענען פיעל ברײטער פאר דער פשוט'ער פאסאזשירען־נױט. ניט נור פאסאזשירען, ניט נור סתם עמיגראנטען, נאָר אויך די פּאָטענציעלע עמיגראנטען און אפילו דאָס גאנצע יודישע פאָלק זענען דירעקט אָדער אינדירעקט פעראינטערעסירט אין דער עמיגראציע און אין איהר פערנינפטיגער רעגולירונג. — און דוקא דערפאר, װײל די עמיגראציע איז ניט קײן פאָלקס-צרה, נאָר א פאָלק-ברכה. די עמיגראציע זאָל נאָרמאליזירט װערען, פערקלענערט װערען, דאָרט װאו זי איז שױן צו גרױס, מהמת צופעליגע סבות, ערלײכטערט װערען דאָרט װאו זי שטאמט פון טיעפע און דױערנדע אורזאכען,— אין דעם זענען פעראינטערעסירט די גאנצע יודישע פאָלקס-מאסען. דער אינטערעס אין דעם איז אלזאָ א רײן דעמאָקראטישער, דאָס איז דער אינטערעס די בעדערפניש פון פרײער ענטװיקלונג פון א ברײטער מאסען־ערשײנונג װעלכע ברענגט אויסלײזונג פאר א גרױסען טײל פון די פאָלקס-נױטען. נאטירליך איז שױן דער אינטערעס פון די ברײטע, ניט דירעקט עמיגרירענדע מאסען דערבײ פיעל שװאכער, װי די פעראינטערעסירט-הײט פון די פאסאזשירען אלס אזעלכע, פון די עמיגראנטען סתם און פון די פּאָטענציעלע עמיגראנטען; דערפאר איז אָבער דאָ די אָרגאניזירונגס-פעהיגקײט און די װירקונגס-קראפט שױן א גוזמא גרעסער. בכלל איז דאָס אזױ אין דער עמיגראציאָנס־פּראגע, װי אויך אין פיעלע אנדערע פּראגען: װאָס גרעסער איז די פעראינטערעסירטהײט פון א געװיסער שיכט, אלץ װעניגער קראפט בעזיצט דיזע שיכט צו בעשיצען איהרע אינטערעסען. דאָך איז דער אינטערעס פון פאָלק אין דער הינזיכט געװענטשט שטארק און ברענענד, און, װען א געװיסע רעגולירונגס-אָרגאניזאציע זאָל זיך ניט בעגרענצען מיט בעדיענען די פאסאזשירען, װאָלט דיזע אָרגאניזאציע געװיס קענען צוציהען צו זיך די סימפּאטיע און די מיטװירקונג פון די ברײטעסטע שיכטען. אלזאָ איז אין דער עמיגראציאָנס-פּאָליטיק דער גראד דעמאָקראטיזירונג אָבהענגיג פון דער ברײטקײט פון איהרע אויפגאבען און פון דעם, װי װײט װערען דורך דער רעגולירונגס-ארבײט בעריהרט די אינטערעסען פון די מאסען. װען דאָס פאָלק זאָל אויף זיך נעהמען די רעגולירונג

פון דער עמיגראציע, וואָלט דאָס ניט הייסען, אז איין שיכט וועט זאָרגען, וועגען דער צווייטער, נאָר אז דאָס פאָלק זועט וועגען זיך אליין זאָרגען און זיך אליין בעדינען. דאָ וואָלט קענען צוזאמענפאלען דער סוביעקט מיט דעם אָביעקט פון דער רעגולירונגס-טהעטיגקייט, דאָס וואָלט געוועזען באמת א זעלבסט טעטיגקייט, א זעלבסטהילף. די דירעקטע עמיגראציאָנס-רעגולירונג, ווען זי ווערט געשטעלט אויף אזוינע יסודות, דארף מען בעטראכטען ווי א מין געגענזייטיגע הילף און געגענזייטיגע אסעקוראנץ פאר עמיגראציע, קודם כל מצד די פאָטענציעלע עמיגראנטען און ווייטער אויך פון יענע אונגעהויערע פאָלקס-שיכטען, וועלכע עמיגרירען אליין ניט, זענען אָבער אינדירעקט פעראינטערעסירט אין דער נאָרמאליזירונג פון די עמיגראציאָנס-פּראָצע-סען.

אידעאל און ווירקליכקייט אין דער עמיגראציאנס-פאליטיק.

אין דעם זין וואָלט זיין, אבסטראקט גערעדט, גאנץ בעגרייפליך א דעמאָקראטישע עמיגראציאָנס-פאָליטיק, דאָ זעהען מיר ווידער א מאָל די אנאַלאָגיע צווישען דער וואנדערונגס, און דער ארבייטסלאָזען-פראגע. פונקט אזוי ווי די פאסאזשירען און סתם עמיג-ראנטען זענען אויך די ארבייטסלאָזע אונפעהיג זיך פעסט צו אָרגאניזי-רען און זיך אליין צו בעזאָרגען; דאָס הייסט אָבער ניט, אז אין דער ארבייטסלאָזען-פראגע איז מעגליך נור פילאנטראָפּיע, נור צדקה, פארקעהרט, ווייל אין דער ארבייטסלאָזען-פראגע זענען בּרענענד פער-אינטערעסירט ניט נור די ארבייטסלאָזע, נאָר אויך די בעשעפטיגטע ארבייטער, און ניט נור דערפאר ווייל יעדער ארבייטער איז פאָטענציעל ארבייטסלאָז, נאָר אויך א דאנק פיעלע אנדערע אינטערעסען-פער-בינדונג, דוקא דערפאר איז גאַנץ מעגליך א דעמאָקראטישע ארבייטס-לאָזען-פאָליטיק מצד די פראָפעסיאָנעלע פעראיינען, וועלכע בעשטעהט אין געגענזייטיגער הילף און געגענזייטיגער אסעקוראנץ; דער פאר קען אויך געמאָלט ווערען א דעמאָקראטישע ארבייטסלאָזען-פאָליטיק מצד דער מלוכה.

אונזער דירעקטעס רעגולירונגס-פראָגראם, וואָס מיר האָבען אויבען פאנאנדערגעוויקעלט, איז געגעבּן בּרייט, כּדי צו בעפרידיגען דעם בּרייטעסטען אינטערעסען-קרייז, וועלכער איז פערבּונדען מיט דער עמיגראציע. אויף'ן גרונד פון דעם פראָגראם וואָלט מעגליך זיין א דעמאָקראטישע עמיגראציאָנס-פאָליטיק. לײדער אָבער איז אזא

פאליטיק מעגליך גור ביי גרויסער ערפאהרונג, איינפלוס און קאפיטאלען, וועלכע אונזער דעמאקראטיע בעזיצט נים און קען גיט בעזיצען. ריין־דעמאקראטישע עמיגראציאנס־פאליטיק איז בעגרייפליך על פי שכל הישר, זי איז אבער אין דער ווירקליכקייט אונמעגליך, און ניט גור ביי אונז, נאר אויך ביי אנדערע פעלקער. ווען זי איז אויך שוין גאר דעמאקראטיש, איז דאס גור דאן, ווען זי ווערט געפיהרט דורך די פראפעסיאנעלע פעראיינען. אבער מיר האבען געזעהען, ווי אונגעניגענד איז יענער טייל פון דעם רעגולירונגס-פראגראם, וועלכען זיי זענען בכח אויף זיך צו נעהמען, אין אלגעמיין אבער קען מען אהן דעם אנטייל פון קאפיטאל און פון די קאפיטאליסטען גיט ערפילען די ריזיגע אויפגאבען פון דער עמיגראציאנס-רעגולירונג. *א פריזע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע, וועלכע זאל אים שטאנד זיין צו רעגולירען די עמיגראציע, קען גיט זיין ריין-דעמאקראטיש.* גור א מלוכה אדער די פאליטישע ארגאנען פון נאציאנאלער זעלבסט-פערוואלטונג, ווען זיי וואלטען זיין גענוג דעמאקראטיש, וואלטען אויך קענען דעמאקראטיש אוועקשטעלען א ברייטע עמיגראציאנס-רעגולירונג; און דערפון זעהען מיר ווידער טאקי, אז אונזערע הייסע מגידים פון דער „דעמאקראטישער עמיגראציאנס־פאליטיק“ וואלטען דארפען עטוואס מעהר זיך אינטערעסירען אויך מיט דער בירגערליכער און נאציאנאלער עמאנציפאציע פון דעם יודישען פאלק אין די גלות-לענדער: דיזע עמאנציפאציע איז א נויטיגער תנאי פאר דער פערגינסטיגער פאליטיק ניט גור אין דער אינדירעקטער, נאר אויך ווי מיר זעהען יעצט, אין דער דירעקטער עמיגראציאנס-רעגולירונג.

די בהדרגה׳דיגע דעמאקראטיזירונג פון דער עמיגראציאנס-פאליטיק.

ווי מיר האבען געזעהען, וואכסען די דעמאקראטיזירונגס-אויסזיכטען אין אונזער ענין צוזאמען מיט דעם אומפאנג פון יענעם רעגולירונגס-פראגראם וועלכער ווערט בעזארגט דורך די עמיגראציאנס-ארגאניזאציע. דערפון איז שוין אין אלגעמיין, אהן ווייטער-דיגע פרטים קלאר, אז די דעמאקראטישע עמיגראציאנס-פאליטיק קען זיך ניט איינארדנען מיט א מאל, עס פאדערט זיך א לאנגע צייט ביז די פונקציעס פון דער רעגולירונגס־אנשטאלט וועלען אויסוואכסען ביז דעם גאנצען שטח פון יענע פאלקס-אינטערעסען, וואס ווערען בעריהרט דורך די עמיגראציע. די דעמאקראטיזירונג פון די פרייע רעגולירונגס-ארגאניזאציעס

װעט אַלזאָ פֿאָרקומען בהדרגה׳דיג, שטופֿענװײַז און דער אָנפֿאַנג מוז זײַן גאָר װעניג דעמאָקראַטיש, װײַל פֿון אָנהויב מוז מען ערשט בעזאָרגען די נויטען פֿון די פּאַסאַזשירען אין װעג, אין בעסטען פֿאַל פֿון יענע עמיגראַנטען (סתּם עמיגראַנטען) װעלכע זענען שוין גרייט אויפֿהייבען זיך פֿון אָרט. דאָס זענען עלעמענטען װעלכע קענען זיך אַלײן ניט אויסהאַלפֿען און מוזען אָנקומען צו פֿרעמדער שטיצע. דעראיבער איז די ערשטע צײַט אַ דעמאָקראַטישע פֿיהרונג פֿון די רעגולירונגס-אַנשטאַלטען לגמר, אונמעגליך. די גאַנצע אַרבייט מוז דאָ ליגען אין פֿילאַנטראָפּישע הענד די דעמאָקראַטיע קען דאָ העכסטענס סטאַרען זיך צו קאָנטראָלירען אַזוי אָדער אַנדערש די טעטיגקײַט פֿון די פֿילאַנטראָפּישע חברות, אָבער דאָס װעט זי אויך ניט לײַכט דערגרייכען, װײַל עס איז דאָך פֿאָרט שװער צו בעקומען אַ קאָנטראָל איבער אַזאַ געביעט, װאו מען אַרבעט אַלײן ניט און זאו מען קען אַלײן גאָר נישט אַרבײַטען, אויסערדעם איז טאַקי די פֿילאַנטראָפּיע פֿיעל גלײַכער און פֿיעל פּאַסענדער אײדער די דעמאָקראַטיע אומעדום, װאו עס האַנדעלט זיך װעגען הילף און ניט זעלבסט הילף, װייל דאָס דירעקטע טעטיגקײַטס-פֿעלד פֿון דער אָרגאַניזירטער דעמאָקראַטיע איז קאַמפּף, און בײַ איהר הערשען תּמיד די אינטערעסען פֿון קאַמפּף איבער די ענינים פֿון הילף, פֿון צדקה.

מיר זעהען טאַקי, אַז די אָרגאַניזירטע דעמאָקראַטיע איז פּשוט אונפֿעהיג אָנצופֿיהרען װעלכע ניט איז הילפֿס-אַקציאָן, און אַז זי נעהמט זיך שוין יאָ פֿאַר איהר, טהוט זי אָן צרות אָדער זי פֿערכאַפּט דיזע אַקציאָן אין די הענד פֿון אײנצעלנע פּאַרטײען און סטאַרעט זיך אַרויס צושטויסען די פּאַרטײאישע געגנער. די דעמאָקראַטיע איז קײן מאָל ניט גאַנץ אײניג, זי איז צוטײלט לויט קלאַסען – די קלײן-בירגערליכע און די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע, און אפילו די לעצטע טײלט זיך אויך אין פֿײַנדליכע לאַגערס לויט פֿערשיעדענע פּראָגראַמען. פּרובט אַקאָרשט אַװעקצושטעלען די פֿאָרטרעטער פֿון אונזער דעמאָקראַטיע, זײ זאָלען בעזאָרגען די הילף פֿאַר די נשׂרפֿים — צו װעט דערפֿון אַרויסקומען אַ גרויסע פּעולה? קײנעם װאָלט גאָר ניט אײַנגעפֿאַלען אַזאַ זאַך.. אַן׳עהנליכעס בילד שטעלט מיט זיך פֿאָר אויך די עמיגראַציאָנס-פֿראַגע. אין אויסלאַנד עקזיסטירען „קאָמיטעטען” פֿאַר יודישע עמיגראַנטען, אָנגעפֿיהרט דורך די מערב-אײראָפּעאישע קהילות און קאַפּיטאַליסטען-פֿילאַנטראָפּען,

און עס עקזיסטירען אויך אין פערשיעדענע שטעדט „עמיגראנטען-קאסען" וואס ווערען אויסגעהאלטען פון די „רוסישע" (ד. ה. הויפט-זעכליך יודישע) סטודענטען און ארבייטער. די ערשטע זענען געבויט פילאנטראפיש און ביוראקראטיש, די צווייטע — דעמאקראטיש. אבער ווער פון די רוסישע יודען אין אויסלאנד ווייסט ניט, אז אויב אנ'עמי-גראנט, אהן אונטערשיעד פון פארטיי און פאליטישער איבערצייגונג, וויל בעקומען וועלכע ניט איז שטיצע, דארף ער זיך ווענדען צו די פילאנטראפישע „קאמיטעטען", אבער ניט צו די סטודענטישע „קאסען"? דען די „קאסען" אונטערשטיצען ניט אלע עמיגראנטען, נאר מיט בעשטימטע איבער-צייגונגען, און ווען זיי זענען שוין „אונפארטייאיש", פאלען זיי דאך אריין צו דער אדער יענער פארטיי, און ווערען פון איהר אויסגענוצט.

די אלוועלטליכע יודישע פילאנטרא-פיע.

אויב אין דער ערשטער צייט מוז די פילאנטראפיע האבען די גאנצע ממשלה איבער די דירעקטע עמיגראציאנס-רעגולירונג, וועט זי אויך שפעטער, ביי דער גרעסערער דעמאקראטיזירונג פון דער ארבייט, דאך ניט קענען אבגעשאפען ווערען, ווייל די דעמאקראטיע וועט קיין מאל ניט בעזיצען אזוי פיעל ידיעות, איינפלוס און קאפיטאלען (קרעדיט), זי זאל קענען אליין באשטעהען אהן דער הילף פון דער גרויסער בורזשואזיע, דער-וויל אבער ליעגט די גאנצע זאך אין די הענד פון דער פילאנטראפיע און אונזערע דעמאקראטישע ארגאניזאציעס האבען זיך גאר ניט בעשעפטיגט און גאר ניט אינטערעסירט מיט דער רעגולירונג פון דער עמיגראציע און מיט דער טעטיגקייט פון יענע חברות און קאמיטעטען וועלכע האבען געארבעט אין דעם ענין. מכח דער רעגולירונג פון דער יודישער עמיגראציע איז בכלל נאך כמעט גאר נישט געטאן געווארען, אבער דאס ביסעל, וואס מען טוט יא, שטאמט פון אונזערע פילאנטראפען. ווער זשע זענען זיי, און וועלכע אינטערעסען זייערע ווערען בעריהרט דורך די עמיגראציע? ה'. א. ליטוואק מיינט, אז דאס איז די „יודישע אינטערנאציאנאלע גרויסקאפיטאליסטישע פילאנטרא-פיע" *) — זי שאפט אט די אלע עמיגראציאנס-קאמיטעטען און

*) א. ליטוואק, וועגען עמיגראציאנס-קאנגרעס („צייט-פראגען") 1, ז. 77) דאסזעלבע מיינט אויך ה'. בערטאלדי אין זיין ארטיקלען-סעריע „פעראייניגען אדער בויען" („פריינד" 1909, בעזונדערס, קאפ. III ; „אלוועלטליכע יודישע

„רעגולירט“ די עמיגראציע פון די מזרח-איראפּעאישע יודען. אָבער וועלכע אינטערעסען בעוועגען די דאָזיגע „אינטערנאציאָנאלע“ חבריא, אויף דעם שטעלט זיך ה. ליטוואק ניט אָב, און דערפאר קומט בײ איהם אויס די גאנצע יודישע פילאנטראָפּיע גאנץ גלײך אין דער גאנצער וועלט, ער אונטערשײדעט ניט איהרע פערשידענע טײלען, פונקט אַזוי ווי ה. מעדעם אָדער ה. בערטאָלדי אַנאַליזירען ניט די צוזאַמענשטעלונג פון דער עמיגרירענדער מאַסע. ווען די דאָזיגע „אינטער-נאַציאָנאַלע יודישע פילאנטראָפּיע“ וואָלט מיט זיך אין דער אמת'ען פאָרגעשטעלט אַזא אײנאַרטיגע און אײניגע מאַסע, ווי וואָלט מען דאָס קענען ערקלערען, פאר וואָס זי איז צוטײלט אין פערשידענע חברות און געזעלשאַפטען, וועלכע קאָנקורירען צווישען זיך גאנץ אָפט זעהר אומ'ברחמנות'דיג, און בעמיהען זיך אײנע מעהר אויסצוזײגען זיך פאר'ן עולם, ווי די צווײטע? און זאָגען מיר, אַז די גאנצע חבריא איז בע-העררשט פון אַ רײן-פילאַנטראָפּישען אינטערעס, פון וואנען'זשע, ווידער, טאַקי, נעהמט זיך אָט די דאָזיגע קאָנקורענץ? מילא די בעצאָהלטע דינער און בעאַמטע פון אָט די פערשיעדענע געזעלשאַפטען קאָנקו-רירען דערפאַר, ווײל זײ זענען בלוטיג פעראינטערעסירט אין דעם ערפאָלג פון יענע אײנריכטונגען, וואו זײ דינען, מילא די אַנגעשטעלטע קאָנקורירען פאר עולם הזה; ניט שוין'זשע קאָנקורירען זײערע בעלי בתים, די גרויסע גבירים און בעל צדקות, נור פאר עולם הבא?

די נאציאנאלע אינטערעסען פון דער יודישער בורזשואזיע.

בײ די אומות העולם איז דער גרויסער קאַפּיטאַל פעסט פערבונדען מיט דעם גאַנצען לעבען פון זײן נאַציאָן, ער הערשט איבער דאָס פאָלק און פערטרעט איהם מיט זיך; ער בעזיצט די גאנצע פאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט און דעראיבער איז ער אונמיטעל-באַר פעראינטערעסירט, אַז די מאַכט און דאָס אָנזעהען פון זײן נאַציאָן אין דער וועלט זאָל וואַקסען אָהן אַ ברעג. כדי צו פערדונקלען און פערטײבען די קלאַסען געגענזעצען אין דער נאַציאָן, מוז דער קאַפּיטאַל בעזונדערס שטאַרק אונטערשטרײכען די כלומר'שטע נאַציאָנאַלע אײנ-

———

פילאנטראפּיע און אלוועלטליכע יודישע דעמאקראטיע“, „פרײנד“ 1909, 138 ) ה. בערטאלדי בעמיהט זיך ניט צו אנאליזירען די סאציאלע צוזאמענשטעלונג ניט פון דער פילאנטראפּיע און ניט פון דער דעמאקראטיע: ער בעטראכטעט יעדע בעזונדער ווי אַן אײנהײטליכע גרויס דאס איז דער געוועהנליכער פעהלער פון די עמיגראציאנס-פובליציסטען.

הײַט. די בורזשואזיע איז מעהר נאציאָנאַל, מעהר שאָװיניסטיש, מעהר מיליטאַריסטיש פאַר די איבעריגע קלאַסען און גרופען פון פאָלק. דער ענגער עקאָנאָמישער צוזאַמענהאַנג צװישען דער בורזשואזיע מיט די אנדערע קלאַסען פון דער נעזעלשאַפט ערקלערט אונז זעהר לײַכט די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דעם גרויסען קאַפּיטאַל בײַ אַנדערע פעלקער; אַ דאַנק אָט דעם עקאָנאָמישען אינטערעסען-צוזאַמענהאַנג, אַ דאַנק די שטאַרקײַט אין לעבע־דיגקײַט פון דיזע אינטערעסען טראָגט די טעטיגקײַט פון די הערשענדע קלאַסען בײַ אַנדערע פעלקער אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן און פּ אָ ל י ט י ש ע ן האַראַקטער. די כלל־טעטיגקײַט פון דער גרויסער יודישער בורזשואזיע איז אָבער נאָר אַנ׳-אַנדערע, זי טראָגט א ר ע ל י נ י ע ז ע ן און פ י ל א נ ט ר א פ י ש ע ן האַראַקטער. בשעת בײַ די הערשענדע קלאַסען פון אַנדערע אומות שטעהט די אמונה נור אויף דעם צװײַטען פּלאַן אין פערנלײַך מיט דער נאַציאָן, און די פילאַנטראָפּיע ד. ה. דער „אָרגאַניזירטער רחמנות" שפּיעלט גאָר אַ קלײנע ראָלע, טרעטען אַרויס די פערהעלטניסען בײַ יודען אין דעם דירעקטען היפּך צו דעם: בײַ יודען שטעהט די נאַציאָן נור אויף דעם צװײַטען פּלאַן אין פערגלײַך מיט דער אמונה, און די פּאָליטיק פערנעהמט כמעט נאָר קײן פּלאַץ ניט אין דער כלל־טעטיגקײַט פון אונזערע פני דאָס שטאַמט דערפון, װאָס דער יודישער גרויס-קאַפּיטאַל נעהט אַרײַן אַלס עלעמענט כמעט אויסשליסליך אין די ניט־יודישע פּראָדוקציאָנס-צװײַגען, װעלכע האָבען ניט צו טאָן מיט דעם יודישען אַרבײַטער און מיט דעם יודישען קאָנסומענט. דעראיבער איז דער יודישער גרויס-קאַפּיטאַליסט פיעל שטאַרקער און פיעל אָפטער פערבונדען װירטשאַפטליך מיט די אַרומיגע פעלקער, װי מיט דער יודישער נאַציאָן; אויף זײַן פאַבריק אַרבײַטען זעהר זעלטען יודען, אין זײַן קראָם אָדער באַנק דיענען חוץ יודישע אנגעשטעלטע גאַנץ אָפט אויך ניט־יודישע, זײַן קונה, זײַן קליענט איז אָפטמאָל אָדער נאָר מעהרסטענסטײַלס דער „גוי"; מיט „גוים" פיהרט ער געשעפטען, מיט „גוים" האַנדעלט ער, זײַן אידעאַל איז, װיסענדיג אָדער ניט װיסענדיג, במזיד צי בשוגג, צו װערען אַנ׳„אײַנגענער" אויף דעם „גויישען" מאַרק און אין דער „גויישער" געזעלשאַפט. די יודישע מאַסען מיט זײַער שפּראַך און מנהגים זענען איהם פרעמד. עס איז לחלוטין אויסגעשלאָסען, אַז בײַ אַ יודישען גביר זאָל זײַן אַ רײַנער נאַציאָנאַל־יודישער אינטערעס, און אַז דיזער אינטערעס זאָל בעהערשען זײַן בעװאוסטזײַן

און זיין לעבען, ווי מיר זעהען דאָס מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסע און אידעאָלאָגיע ביי דער גרויס-בורזשואַזיע פון אנדערע פעלקער דער נאַציאָנאַל-יודישער אינטערעס ביי אונזערע נגידים איז אין בעסטען פאַל נור א טיילווייזער, א זייטיגער און א שוואכער, אויב ער פעהלט ניט אינגאַנצען; און ווען ער איז שוין דאָ, איז ער אויך שטענדיג פערבונדען מיט א צווייטען אנטינאציאָנאַלען אינטערעס. דער יודישער קאפּיטאַליסט מעג פיהלען און דענקען נאציאָנאַל, האַנדלען וועט ער תמיד אין די אָדער יענע וויכטיגע היגזיכטען אַנטינאַציאָנאַל. דער נציאָנאַלער אינטערעס פערבינדט איהם זעהר שוואך מיט דעם יודישען פאָלק, און דער אַנטינאַציאָנאַלער אינטערעס זיינער טרייבט איהם פון פאָלק, צווינגט איהם צו זוכען ווי ווייט מעגליך צו צערייסען יענע פעדים, וועלכע פערבינדען איהם נאָך מיט דעם יודישען פאָלק.

די קוועלען, פאַר-מען און שטופען פון די נאציאנאלע אינ-טערעסען ביי די יודישע גבירים.

די יודישע אינטערעסען-ספערע פון אונזער גביר נעהמט זיך פון א גאַנץ פערפלאָנטערטען סכום פערהעלטניסען. ערשטענס, ווערט אונזער נגיד צוגעבונדען צו זיין פאָלק דורך די רעליגיעזע טראַדיציע פון געמיינזאַמען גלויבען און מנהגים

ריזען פאַקטאָר קאָן מען אָנרופען פאָזיטיוו, אָבער ער ווערט אַלץ מעהר אָבגעשוואכט דורך דער אסימילאַציע. צווייטענס, ווירקט דאָ אַן'-אנדערער פּאָזיטיווער פאַקטאָר, — דאָס איז יענער עקאָנאָמישער צוזאַמענהאַנג, וועלכער עקזיסטירט אין די יודישע ווירטשאַפטס-געביטען, אין דעם יודישען האַנדעל און אינדוסטריע: אויף וויפיעל דער יודישער גרויס-קאַפּיטאַל האָט צו טאָן מיט יודישע ארבייטער, מיט יודישע האַנדעלס-אַנגעשטעלטע און מיט יודישע קונדען און קליענטען, אויף אַזוי פיעל זענען אויך די מאַטעריעלע אינטערעסען פון דעם יודישען נגיד נעוויסערמאַסען פערבונדען מיט דעם שיקזאַל פון דעם יודישען פאָלק. ווי מיר ווייסען, איז אָבער דער דאָזיגער פאַקטאָר גאַנץ שוואַך, און ער וואָלט דורך די אסימילאַציע אויך אינגאַנצען פער-שוואונדען, ווען ניט א דריטער, ריין-נעגאַטיווער מאָמענט, וועלכער שטאַמט פון דעם אַנטיסעמיטיזם. די ענטוויקלונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם און פון דעם יודען-האַס בכלל ווירקט נאַציאָנאליזירענד אויף אַלע שיכטען פון דעם יודישען פאָלק, און מעהר פון אַלץ אויף דער אינטעליגענץ. דער אַנטיסעמיטישער דרוק אויף אונזערע גבירים איז טאַקי אַליין גאַנץ אונבעדייטענד, מיט איהם קען מען שוין ווי ניט

איז אויסקומען, אָבער דער אינטעליגענט, דער מעדיקער, דער יוריסט אינזשענער, דער שרייבער, און געלערנטער, דער קינסטלער און דער קאָנדיראַט אויף פערשידענע שטעלען און ווירדען, — זיי פיהלען זעהר שאַרף די פעראַכטונג און שנאה פון די „גוים", זיי ליידען אין זייערע בּרענענדסטע נויטען פון דער רעכטלאָזיגקייט אָדער פון ניט גלייכבּערעכטיגונג, פון גזירות און באָיקאָטען. די ליידען פון די פאָלקסמאַסען דערנעהען זעהר וועניג צו די אויערען און אויגען, צו דעם האַרצען און קעשענע פון אונזער גביר, אָבער מיט דעם יודישען אינטעליגענט שטעהט ער אין ענגער פערבינדונג, און די נאַציאָנאַ־ליזירענדע ווירקונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם גיט זיך אריבער פון דער יודישער אינטעליגענץ צו דעם יודישען גרויס קאַפּיטאַל.

נאַטירליך, ווירקען אַט די אלע פאַקטאָרען נישט אין קיין גלייכער מאָס אויף פערשידענע טיילען פון דער יודישער גרויס-בורזשואַזיע. קודם כל קומט דאָ די גרויסע טיילונג צווישען די מזרח־און מערב־יודען: אין אַלגעמיין ווירקען אַלע אָנגעוויזענע פאַקטאָרען פיעל שטאַרקער אין מזרח, איידער אין מערב; אָבער דאָ קומען אויך ווייטערדיגע טיילונגען. יענער טייל מזרח־יודען, וועלכער האָט עמיגרירט איבער'ן ים, האָט מיט זיך אַהין אריבּערגעבּראַכט אויך די נאַציאָנאַ־ליזירענדע קרעפטען פון לעבּעדיגער טראַדיציע, פון ענגערן עקאָנאָמי־שען צוזאַמענהאַנג און פון הייסען נאַציאָנאַלען געפיהל, און דאָס האָט געבּראַכט דערצו, אַז אונזער גרויס-בּורזשואַזיע אין אמעריקאַ זאָל אַזוי טיעף לעבען מיט יודישע אינטערעסען, ווי דאָס איז נור בכלל מעגליך ביי אונזערע גבירים. אויך אין מזרח זענען ניט אַלע שיכטען פון דער יודישער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע גלייך בּע־ריהרט פון די נאַציאָנאַליזירענדע טענדענצען, און ניט נור אין גאַליציען אָדער רומעניען, נאָר אויך אין רוסלאַנד און אמעריקאַ איז דער נאַציאָנאַלער תהום (אַ חוץ דעם סאָציאַלען) צווישען די נגידים מיט די מאַסען זעהר גרויס. דאָך, בּלי ספק, בעשעפטיגען זיך אונזערע פני אין מזרח-אייראָפּאַ, טירקיי און אַמעריקאַ פיעל ענערגישער מיט די יודישע כלל-ענינים, ווי אין מערב-אייראָפּאַ.

אונאָבּהענגיג פון די דאָזיגע אונטערשידען, קענען מיר בּע־מערקען פיעלע געמיינזאַמע זייטען אין דער כלל-טעטיגקייט פון אונזערע אדירים אין פערשידענע לענדער. דער אַלגעמיינסטער שטריך פון זייער טעטיגקייט איז, — אַז זיי שטרעבען און האָבּען

טאקי די מאַכט צו פּערטרעטען מיט זיך די כּלל ישׂראל-אינטערעסען: זיי זענען די „פּני", זיי האָבען די הענעמאָניע איבער די יודישע ענינים, זיי האַלטען אין זייער רשות די יודישע געמיינדע, זיי בעזאָרגען די יודישע אמונה און איהרע מנהגים, זיי פּיהרען די יודישע צדקה־גדולה, זיי זענען זיך משתדל פּאַר די יודישע „רעכט", זיי „קעמפּפען" געגען דעם אַנטיסעמיטיזם. און ווייל ביי יודען פעהלט דאָס נאַציאָנאַל-פּאָליטישע לעבען, טראָגט זייער טעטיגקייט ניט קיין פּאָליטישען כאַראַקטער. דאָס, וואָס ביי אַנדערע אומות נעהמט אויף זיך די מלוכה, דאָס פיהרט דורך ביי יודען די קהלה און די פּרייע איניציאַטיווע פון די פּני. און ווייל די שטאַרקסטע אינטערעסען פון אונזערע נגידים ליגען דאָך אויסערהאַלב דעם יודענטום, ווייל זיי זענען צו שוואַך פערבונדען מיט די יודישע מאַסען, ווייל זייער יודישער אינטערעס איז צו קליין, דעריבער נעהמען אָן זייערע בעציהונגען צו די יודישע מאַסען אַ פּילאַנטראָפּישעס אויסזעהען. אָבער מיר דאַרפען אונז ניט לאָזען נאַרען דורך דעם אויסערליכען שיין: אין דער ווירקליכקייט ווערט די טעטיגקייט פון אונזערע בעל-צדקות געטריבען דורך ווירקליכע אינטערעסען, דאָס איז ניט רחמנות, ניט בארמהערציגקייט, נאָר דער פּערפלאָנטערטער סכים פון טראַדיציע, ווירטשאַפטליכען צוזאַמענהאַנג און פּחד פּאַר'ן אַנטיסע-מיטיזם — דער שורש פון אוניער בעריהמטער צדקה גדולה. דער אומגליק איז אָבער, וואָס די טרייבענדע אינטערעסען זענען צו שוואַך, ווירקען ניט אונאונטערבראָכען, ווירקען ניט טיעף און פּלאַנמעסיג, און דעריבער ווייזט זיך אויס, אַז מיר האָבען צו טהון מיט פּילאַנ-טראָפּיע, מיט צדקה-געפּיהלען, מיט ניט-פּעראינטערעסירטהייט.

ווען דיזע כּלל-מאַכער „זאָרגען" וועגען די יודישע מאַסען בעציהען זיי זיך באמת'ן ניט פּעראינטערעסירט און גלייכגילטיג צו דעם גורל פון די יודישע מאַסען, זיי „זאָרגען" אונגערן, געצוואונגענער-הייט, אָהן אַ ברעקעל ליעבע און חשק צו דער זאַך פון פאָלק; נאָר דאָס אויך אויף אַ פּערשידענעם אופן. דער גרעסטער רוב מערב-אייראָפּעאישע מאַגנאַטען פון משה רבינו'ס גלויבען איז כמעט איננאַנצען אַסימילירט. זיי אַרען לגמרי ניט די נויטען פון די פאָלקס-מאַסען, און פון דעם אויבענאָנגעוויזענעם צווייזייטיגען נאַציאָנאַל-יודישען אינטערעס ווירקט אויף זייער „צדקה-טעטיגקייט" ניט די נאַציאָנאַל-זירענדע, נאָר די אַנטינאַציאָנאַלע זייט. זיי ווילען

פטור ווערען פון די יודישע מאסען מיט זייערע נויטען, זיי שטרעבען דורך „צדקה" שטיל סאבען די יודענפראגע; דערלאנגענדיג א קליינע נדבה דעם „שנארער" פון מזרח, מיינען זיי יוצא זיין פאר זייער גאנצען יודישקייט. זייער אינטערעס איז אנטינאציאנאל און זייער בעציהונג צום יודישען פאלק איז אנטיסעמיטיש, זיי האסען און פער־אכטען די מאסען, וועלכע קומען אן צו זייער הילף, זיי וואלטען וועלען מיט זייער צדקה פערניכטען דאס פאלק. און ווייל זיי זענען, דיזע מאגנאטען, אויסגעצייכענט „לאיאל" פאר זייערע רעגירונגען ווייל זיי זענען פערביסענע „פאטריאטען" פון זייערע פערשידענע „פאטערלענדער", שטרעבען זיי דורך זייער צדקה דורכפיהרען די אימפעריאליסטישע, „ציוויליזאטארישע" בעשטרעבונגען פון דיזע פערשידענע „פאטערלענדער". אזוי פלאנצט איין אומעדום די פראנצויזישע „אליאנס" דעם פראנצויזישען איינפלוס און דיענט טריי דער עקספאנסיאנס-פאליטיק פון פראנקרייך'ס קאפיטאל; פערקעהרט, דער דייטשער „הילפספעראיין" טרייבט איבעראל א דייטשע אימפע-ריאליסטישע פאליטיק, די אליאנס וויל אלע מזרח-יודען מאכען פאר עכטע פראנצויזען, דער הילפספעראיין פאר עכטע דייטשען. און דיענענדיג טריי יעדע איהר „פאטערלאנד", מוזען דיזע פילאנ-טראפישע חברות קעמפפען צווישען זיך, אנפיהרען א פערביסענע קאנקורענץ.

עס זענען אבער אויך דא פיעלע אנדערע שאטירונגען, און ניט נור פערשידענע שאטירונגען לויט זייער אונטערשיעד אין נאציאנאלער שטימונג, בילדען זיך אויס צו פערשיעדענע נעגנערישע חברות, נאר אויך אינערהאלב פון יעדער חברה זענען פערטרעטען שיכטען מיט גאנץ פערשיעדענע נאציאנאלע אינטערעסען. אזוי איז צ. ב. דער „הילפספעראיין פון די דייטשע יודען" מעהר נאציאנאל, ווי די „אליאנס", די אויסלענדישע „יק"א" איז בפירוש אנטינאציאנאל און כמעט אנטיסעמיטיש, בעת איהר רוסלענדישע אבטיילונג, די „יק"א" טראגט אן'עהרליכערען נאציאנאלען פרצוף. אט די אלע שטופען און שאטירונגען, מיט זייערע אלערהאנד געזעלשאפטען שטעהען מיט זיך צונויף צוזאמען די „אלוועלטליכע יודישע פילאנטראפיע", ווייל דער אלוועלטליכער חאראקטער פון דער יודען-פראגע און פון דעם יודענטום צווינגט דיזע חברות צו פערשפרייטען זייער טעטיגקייט אויף אלע לענדער פון דער וועלט, אדער לכל הפחות צו קאארדינירען

זייער טעטיגקייט, פערנעסענדיג, ווי ווייט מעגליך, זייער קאנקורענץ פאר דעם פראנצויזישען אדער דייטשען „פאטריאטיזם".

די עמיגראציאנס-פאליטיק פין דער יודישער גרויס-בור-זשואזיע.

אט די דאזיגע צדקה-ארבייט פון אונזער בורזשואזיע ווערט אנגעווענדט אויך צו דער רעגולירונג פון דער יודישער עמיגראציע. די עמיגראציע איז די וויכטיגסטע פון יענע קרעפטען, וועלכע מאכען פון דער יודען-פראגע א וועלט-פראגע, די עמיגראציע. איז איינע פון די גרעסטע שטערונגען פאר דער אסימילאציע, איינער פון די מעכטיגסטע נאציאנאליזירונגס-פאקטארען אין דעם יודישען לעבען. אויך אין דעם, ווי אזוי פערשידענע טיילען פון דער יודישער בורזשואזיע בעציהען זיך צו דער עמיגראציאנס-פראגע, ווירקען פערשידענע אינטערעסען. אין מזרח-אייראפא מאכט די עמיגראציע די יודישע מאסען עטוואס שיטערער, און וויל פאר דעם גביר איז ווינשענסווערט, יודען זאלען ניט צו געדיכט לעבען, מוז דער מזרח-אייראפעאישער נגיד אין תוך אריין סימפאטיזירען מיט דער עמיגראציע, ער מוז אויף איהר קוקען מיט א שטיקעל האפנונג, אז דורך איהר וועט א טייל יודען פערלאזען די מזרח-לענדער און די יודען-פראגע וועט אבגעשוואכט ווערען. דעריבער איז דער מזרח-יודישער גביר פאראינטערעסירט אין דעם, די עמיגראציע אין איהר גאנצען אומפאנג צו ערלייכטערן, בעזארגען ניט נור יענע זייטען פון דער עמיגראציאנס-פראגע, וואס בעריהרען די עמיגראנטען אין ענגען זין פון ווארט („פאסאזשירען" און „כתם עמיגראנטען"), נאר אויך די אינטערעסען פון דער פאטענציעל-וואנדערנדער מאסע; ער וואלט זיך ניט אבזאגען אויסצופיהרען דאס דירעקטע רעגולירונגס-פראגראם אין זיין גאנצען אומפאנג, ווען דאס וואלט ניט פאדערן צו פיעל מיה. פערקעהרט, פאר די מערב-אייראפעאישע יודען איז די וואנדערונג א ביטערע צרה, וויל צוזאמען מיט איהר פעקעלט זיך אריבער קיין מערב די יודישע נויט, די קאנקורענץ פון די יודישע קליינע הענדלער און בעלי-מלאכות מיט די ניט-יודישע, צוזאמען מיט איהר קומט די סכנה פון שטארקען עקאנאמישען אנטיסעמיטיזם. דער גביר פון מערב-אייראפא שטרעבט קלענער צו מאכען די יודישע וואנדערונג, און דא פאלט אריין זיין אינטערעס אין א שארפער סתירה מיט זיך אליין: ווירקען אויף דער עמיגראציע קען דער יודישער מאגנאט נור דורך דירעקטע רעגולירונג, די לעצטע אבער האט די אונאנגענעהמע טבע צו ערלייכ-

טערען די עמיגראציע און ממילא האט דאס שוין די טענדענץ זי צו פער-נרעסערן... ווי-אזוי־ישע קען ער זיך אויסהעלפען א קענען דער דאזיגער מכה? נור דורך דעם, וואס ער וועט די עמיגראציע טאקי רעגולירען, אבער נור אזוי זי רעגולירען, אז די גאנצע רעגולירונג זאל טויגען אויף כפרות. ווייל די עמיגראציע פער־פעסטיגט יענעם נאציאנאלען צוזאמענהאנג מיט דעם יודענטום, פון וועלכען דער מערב'ישער נגיד חלש'ט פטור צו ווערען, דערפאר טרייבט איהם זיין קלאסען־אינסטינקט צו שוואכער און נישטיגער רעגולירונגס-פאליטיק. זיין רעגולירונגס-אינטערעס איז זעהר ענג, איהם ארט גאר נישט, וואס דער עמיגראנט האט נעהאט אויסצושטעהען פון אנפאנג רייזע, און וואס וועט איהם בעשערט זיין אין דער נייער היים; איהם קימערט דער עמיגראנט נור כל זמן דער לעצטער געפינט זיך אויף דער רייזע אין די דורכוואנדערונגס-לענדער פון מערב-אייראפא: דאס הייסט, פון דעם אונגעהויערען סכום עמיגראציאנס-אינטערעסען בעריהרען דעם מערב-אייראפעאישען נגיד דער עיקר די נויטען פון די „פאסא-זשירען”, און דאס גאנצע איבריגע רעגולירונגס-פראגראם געהט איהם נאר קנאפ אן. אין די איינוואנדערונגס-לענדער זענען שוין די רעגולירונגס-אינטערעסען ביי דער יודישער בורזשואזיע פיעל ברייטער; כדי ניט צו דערלאזען זיך איינצוואווארצלען דעם יודישען דלות, וואס שרעקט מיט דעם אנטיסעמיטיזם און מיט אנדערע צרות, מוז מען בעזארגען די איינוואנדערער מיט שטעלעס א. ד. גל. מען מוז אלזא שטיצען דעם עמיגראנט א לאנגע צייט נאך דעם, ווי ער איז שוין געווארען אויס פאסאזשיר. מען מוז אויך זעהען, ווי ווייט מעגליך, צו צעזייען די יודישע איינוואנדערונג, ווייל דורך דעם, וואס זי קאנצענ-טרירט זיך אין איינינע גרעסערע שטעדט, ענטשטעהען נייע נעטטא'ס, נייע נעסטען פון יודישע פראגען און פון אנטיסעמיטיזם. וועלענדיג אויסמייד'ען דאס אלעס, מוז דער אמעריקאנער יודישער מאגנאט שטרעבען צו אזא עמיגראציאנס-רעגולירונג, וועלכע זאל ארומנעהמען א ברייטען טייל פון דעם רעגולירונגס-פראגראם, און דערצו נאך צונעבען א ספעציעלע שטרעבונג — די וואנדערונג צו צעזייען.

דער דאזיגער אונטערשיעד פון די אינטערעסען ווייזט זיך בולט ארויס אין דער טעטיגקייט פון די עמיגראציאנס-חברות אין פער-שיעדענע לענדער. בשעת די „קאמיטעטען” אין מערב-אייראפא האבען אין זינען נור דעם עמיגראנט אלס פאסאזשיר און בעגרענצען זיך

מיט דעם, וואָס זיי נעבען איהם עטוואָס צו שטייער אויפ'ן בילעט אָדער זיי בעזאָרגען אַ געוויסען שוץ פאַר די יודישע פּאַסאַזשירען (אַז אָך און וועה צו דעם „שוץ"!) — שטעלען זיך די רוסלענדישע עמיגראַציאָנס-געזעלשאַפטען, ווי די „יק"א" און „יט"א" פיעל ברייטערע און פיעל ערנסטערע אויפגאַבען. קוקט דורך, אַנ'ערך, די טאַגעסאָרדנונג פון דעם ליבויער צוזאַמענפאָהר פון דער „יק"א", און איהר וועט גלייך זעהען, אַז זי שטרעבט צו פערווירקליכען אַ בעדייטענדען טייל פון דעם דירעקטען רעגולירונגס-פּראָגראַם, זי דענקט צו בעזאָרגען ניט נור „פּאַסאַזשירען", נאָר אויך עמיגראַנטען בכלל און אפילו נאָך ברייטערע אינטערעסען, וואָס זענען פערבונדען מיט דער עמיגראַציע: די טאַגעסאָרדנונג רעדט אפילו פון „אָבציהען די עמיגראַנטען פון איבערפילטע צענטרען". נאַטירליך, אַלס געטרייע און לאָיאַלע רוסישע פּאַטריאָטען, אָרדנעט מען איין דעם צוזאַמענפאָהר אין ליבוי, און מען טראַכט צו אונטערשטיצען די פּאַטערלענדישע (ליבויער) שיפפאַהרט.

אַלוועלטליכע פילאַנטראָפּישע רעגולירונגס-טעטיגקייט

ווי די גאַנצע כלל-ישראל-טעטיגקייט פון די יודישע קאַפּיטאַליסטען, אַזוי טראָגט אויך זייער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג אַ פילאַנטראָפּישען חאַראַקטער, און ווידער טאַקי ניט דעריבער, ווייל דאָס איז אַ אינטערעסען-לאָזע פּאָליטיק, נאָר ווייל די אינטערעסען אַליין זענען צו שוואַך און קענען ניט גורם זיין צו אַנ'עכט-פּאָליטישער טעטיגקייט. אויך דאָ סטאַרען זיך די צדקה-חברות און קאָנקורירען צווישען זיך ניט פאַר עולם הבא נאָר טאַקי פאַר עולם הזה, אָבער דער טרייבענדער אינטערעס איז אַזוי בלאַס און אַזוי בלוט-אָרים, אַז ער זעהט אויס ווי פּשיטא גלייכגילטיגקייט, און דעראיבער ווי פילאַנטראָפּיע. וואָס פעסטער עס איז אָבער דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענהאַנג (דורך טראַדיציע, דורך די ווירטשאַפטליכע לאַגע און אַנטיסעמיטיזם) צווישען דעם יודישען קאַפּיטאַל מיט דער יודישער מאַסע, אויף אַזוי פיעל ערנסטער איז דער רעגולירונגס-אינטערעס, און אויף אַזוי וועניגער לאָזט זיך פיהלען פילאַנטראָפּישע גלייכגילטיגקייט אין דער רעגולירונגס-אַרבייט. ווידער טאַקי איז דער ריין-פילאַנטראָפּישער שיין שטאַרקער ביי די מערב-אייראָפּעאישע פּני ווי ביי די רוסלענדישע און אַמעריקאַנישע. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף אַט די פערשידענהייטען, לאָזען זיך דיזע אינטערעסען לייכט האַרמאָניש קאָאָרדינירען, און די רעגולירונגס-

טעטיגקייט פון דער יודישער גרויס-בורזשואזיע, פון די רייכע קהלות מיט די „רייכע מוהמעס" פון דער גאנצער וועלט קען זיך צונויפבינדען צו איין אלוועלטליכע „פילאנטראפישע" וואנדערונגס-רעגולירונג. ווען איין און דיזעלבע אלוועלטליכע רעגולירונגס-ארגאניזאציע זאל זיך שטעלען דעם צוועק — אי צו ערלייכטערן די עמיגראציע פון רוסלאנד, גאליציען, רומעניען אי ניט לאזען די וואנדערער זיך אפ-צושטעלען און בעזעצען אויפ'ן וועג אין די גרעסערע צענטרען פון מערב-אייראפא, נאר שטופען זיי ווייטער איבער'ן ים, אי ניט צולאזען די אנזאמלונג פון נייע יודישע מאסען אין די איבערפולטע געטא'ס פון אמעריקא — וואלט זי צופריעדען געשטעלט די ווינשען פון די כל'ערליי טיילען פון דער יודישער גרויס-בורזשואזיע אין אלע לענדער. און גלייכצייטיג וואלט אזא רעגולירונגס-ארגאניזאציע ערפילט א היבשען טייל פון דעם דירעקטען רעגולירונגס-פראגראם, בעזארגט די ברענענדסטע בעדערפנישען פון אלע בעשטאנדטיילען פון דער יודישער עמיגרירענדער מאסע. א פרוב פון אזא אלוועלטליכער עמיגראציאנס-רעגולירונג שטעלט מיט זיך פאר די „יט"א", נאר איהר ארבייט האט זיך ביזהער בעשרענקט מיט איין גאלוועסטאנישער איינוואנדערונג און האט אונמיטעלבאר געדיענט נור דעם וואונש פון די אמעריקאנער יודישע מיליאנערען — צו צעזייען די עמיגראציע. אין דער לעצטער צייט לאזען זיך בעמערקען פערזוכען צו קאארדינירען און אפילו פעראייניגען די פערשיעדענע, צווישען זיך קאנקורירענדע עמיגראציאנס-חברות צו איין אלוועלטליכער פילאנטראפישער רעגולירונגס-טעטיגקייט. די דאזיגע פערזוכען פערבינדען זיך לע"ע מיט דער אגיטאציע פאר אנ'„עמיגראציאנס-קאנגרעס". מיר מיינען אבער, אז יעצט איז נאך ניט געקומען די צייט פאר אזא אלוועלטליכער פעראייניגונג, און איינפאך דערפאר, וואס די יודישע גרויס-בורזשואזיע איז דערוויל נאך צו גלייכגילטיג צו דער עמיגראציאנס-פראגע, צו שוואך אין איהר פעראינטערעסירט. הגם דיזער אינטערעס איז ביי די מזרח-אייראפעאישע פני פיעל ערנסטער און עהרליכער, ווי ביי זייערע מערב-אייראפעאישע „גלויבענסגענאסען", דאך זענען זיי אלע אייניג אין דעם בעוואוסטזיין, אדער וועניגסטענס אין דעם געפיהל, דאס די עמיגראציע איז א סטיכייאישער פראצעס, וועלכען צו בעהערשען פאדערט זיך אזוי פיעל געלד און מיה, אז עס לוינט אפשר גאר ניט דער גאנצער עסק. דער

אינטערעס איז דאָ; אָבער די אויפגאַבע איז פאַר אָט דעם אינטערעס צו ברייט און צו שווער. און כדי די ברייטקייט פון דער אויפגאַבע זאָל אויפהערען אָבצושרעקען דיזע לייט מוז זייער אינטערעס צו דער עמיגראַציאָנס-פראַגע מעהר אויסוואַקסען, עס מוז רייפער ווערען זייער אונצופריעדענהייט מיט דעם יעצטיגען צושטאַנד פון דער יודישער וואַנדערונג, עס מוז זיך פערפעסטיגען און פערטיעפען זייער נאַציאָנאַלער צוזאַמענהאַנג מיט דעם יודישען פאָלק.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע צוליעב דער רעגולירונג פון דער יודישער עמיגראַציע.

מיר זעהען, אַז די פרייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע צו רעגולירען די יודישע וואַנדערונג קען נישט געבויט ווערען אויף ריין דעמאָקראַטישע יסודות, און אויך נישט אויף ריין פילאַנטראָפּישע. צוליעב דער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג איז ביי אונז נויטיג די ערפאַהרונג, איינפלוס און קאַפּיטאַל (אָדער קרעדיט), וועלכע פעהלען לגמרי ביי דער יודישער דעמאָקראַטיע, און וועלען איהר אויך תמיד פעהלען, ווי אָרגאַניזירט, ווי סאָלידאַריש און קרעפטיג זי זאָל נישט ווערען מיט דער צייט; פון דער צווייטער זייט אָבער פאָדערט די עמיגראַציאָנס-רעגולירונג טיעפע און ברייטע פעראינטערעסירטהייט אין דער עמיגראַציאָנס-פראַגע, הייסע בעגייסטערונג און איבערגעבענהייט, אָפּפער-ווילליגקייט, וועלכע פעהלען לגמרי ביי דער יודישער פילאַנטראָפּיע, און וועלען איהר פעהלען שטענדיג, ווי נאַציאָנאַליזירט, ווי ערנסט זי זאָל נישט ווערען מיט דער צייט. ווי נעהט מען אַרויס פון אָט דעם פערכישופטען קרייז? ווי שאַפט מען אָב די דאָזיגע איינזייטיגקייט פון דער פילאַנטראָפּיע און פון דער דעמאָקראַטיע? אויף דיזער פראַגע איז מעגליך נאָר איין ממשות'דיגער ענטפער, און איהם האָבען געגעבען ה' בערטאָלדי מיט זיינע פריינד (און דאָס איז טאַקי איינער פון זייערע גרעסטע פערדיענסטען): דאָס איז דער געדאַנק מכח פעראיינינגען און געגענזייטיג ערגענצען די קרעפטען און די מעלות פון דער פילאַנטראָפּיע מיט דער דעמאָקראַטיע. דאָס הייסט שאַפען נישט קיין „דעמאָקראַטישע", ווי די ס"ס רופען דאָס אָן, נאָר אַ נאַציאָנאַלע עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק, דורך אַ נאַציאָנאַלע רעגוליערונגס-אָרגאַניזאַציע. עס איז נויטיג, אַז די דעמאָקראַטיע זאָל אין דער עמיגראַציאָנס-רעגוליערונג אַרבייטען צוזאַמען מיט דער

פילאנטראפיע. און נאטירליך קען אזא מין מיט-ארבייט נישט זיין דעמאקראטיש, ווייל די פילאנטראפיע, וועלכע האט אין איהר רשות די נויטיגע אביעקטיווע קרעפטען פון רער רעגוליערונג, דעם איינפלוס און דאס געלד, וועט תמיד בעזיצען די איבערהאנד איבער דער דע-מאקראטיע. נאר מענשען, וועלכע בעטויבען זיך און צוטומלען דעם עולם מיט שרייענרע פראזען, מענשען, וואס האבען קיינמאל נישט געפרובט אריינטראכטען זיך אין דעם, וואס זיי רעדען, קענען דא איינזעהען א „דעמאקראטישע" עמיגראציאנס-רעגוליערונג.

אט ווי עס רעדט אן'אפטימיסטישער אוטאפיסט, וועמעס מח איז בעהערשט פון דעם, וואס ער מאלט זיך אויס אלס שעהן און נעהויבען, און האט דעראיבער פערלוירען יעדעןווירקליכקייטס-געפיהל: „אט האבען מיר די פעטערבורגער געזעלשאפט, אט האבען מיר די יט"א און אפילו די יק"א... ווער זאגט אונז, אז זיי וועלען זיך ארויס-זאגען געגען א עפענטליכען קאנטראל?... ווער זאגט אונז, אז די קיעווער עמיגראציאנס-געזעלשאפט וועט זיין געגען דעמאקראטיזם, געגען א פאקטישען קאנטראל און א פאקטישען איינפלוס פון דער יודישער עפענטליכקייט איבער איהר ארבייט?" („פריינד" 1910, נומר 162, בערטאלדי „דעמאקראטישע עמיגראציאנס-רעגולירונג" IV) ווען ה' בערטאלדי וואלט זיין א ברעקעל קאנסעקווענטער, וואלט ער אונז דארפען איינרעדען, אז אט די אלע פילאנטראפישע געזעלשאפ-טען וועלען נישט נאר צולאזען א קאנטראל איבער זיך, נאך מעהר זיי וועלען זיך בעטען רחמים – קומט און קאנטראלירט אונז!... דער פעסימיסט דענקט אויך נישט מעהר רעאליסטיש. אזוי טענה'ן ה' א ליטוואק און ה' פ. ליעבמאן אין איין קול, אז „די יודישע דעמא-קראטיע האט נישט קיין שום מיטלען, נישט קיין פאליטישע און נישט קיין עקענאמישע, צו ווירקען אויף די שיף'ס מיט די ראט-שילד'ס. פאר דער יודישער געזעלשאפטליכער מיינונג ווערען די דא-זיגע געלד-זעק געהיים נישט נתפעל"... *) א מענש האט קיין מאל נישט געזעהען קיין איין פערזון מצד דער דעמאקראטיע צו ווירקען אויף די פילאנטראפישע גדולים, און ביי איהם איז רעכט א זאג צו טהון, אז „מיר האבען קיין שום מיטלען נישט", אז די גע-

---

*) א. ליטוואק אין „צייט פראגען" נומר 1, ז. 78; דאסועלבע פ. ליעב-מאן אין „צייט פראגען" נומר 2, ז. 70.

װעלשאַפֿטליכע מיינונג קען נישט האָבען קיין שום שליטה איבער אונזערע חברה-לייט. קענטיג אַז אונזערע „סאָציאַל דעמאָקראַטען" האַלטען נישט בעזונדערס שטאַרק פֿון יודישער דעמאָקראַטיע... און אין דער־זעלבער צייט איז עס רעכט ביי ה' ליטװאַק צו שמועסען מכח דעם „מ אָ ר אַ ל י ש ע ן (!) װעקסעל", װעלכען „אונזערע פֿאָלקסמאַסען װעלען שוין װיסען, װי אויפֿצומאָהנען" פֿון די קאָזונער רעדעלפֿיהרער, און דערזעלבער ה' ליטװאַק װערט אָקאָרשט נישט נתפּעל פֿון דער װאונדערמאַכט פֿון דעם דאָזיגען „מאָראַלישען װעקסעל"... איבריג קאָנסעקװענט איז ה' ליטװאַק, אדאַנק דעם רבש"ע, נישט, און איהם פֿאַלט גאָר נישט איין, אַז אויב מען קען „מאָראַליש" „דריקען אויף די פֿיהרער פֿון דער קהלה" אין רוסלאַנד, קען מען שוין, דורך די רוסלענדישע פּני, דריקען אויך אויף זייערע מערב'ישע גוטע פֿריינד, אויף די שיף'ס מיט די ראָטשילד'ס. ה' ליטװאַק מיט זיינע פֿריינד האָבען נישט קיין בעגריף װעגען דעם נאַציאָנאַלען אינטערעססענצוזאַמענהאַנג פֿון דעם יודישען גרויס קאַפּיטאַל מיט דעם יודישען פֿאָלק. דער דאָזיגער צוזאַמענהאַנג איז טאַקי זעהר שװאַך, אָבער ער עקזיסטירט פֿאָרט, און דאָרט, װאו עס זענען פֿאַראַן אינטערעסען, װי שװאַך זיי זאָלען נישט זיין, איז אויך מעגליך צו דריקען אויף די דאָזיגע אינטערעסען.

װי מיר האָבען בּיזאַהער געזעהען, זענען דיעזע אינטערעסען ביי די יודישע גבירים נישט גלייך אינטענסיװ; יענע טיילען פֿון דער גרויס-בורזשואַזיע, װעלכע זענען מעהר נאַציאָנעל לויט זייערע אינטערעסען, לאָזען זיך לייכטער בעאיינפֿלוסען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער מיינונג, איידער די מעהר אַסימילירטע, מעהר אָבגעריסענע טיילען; און דורך די מעהר פֿעראינטערעסירטע קען מען שוין װירקען אויף די װעניגער פֿעראינטערעסירטע, אַזוי אַז סוף כל סוף, װען נאָר די יודישע געזעלשאַפֿטליכע מיינונג װאָלט זיין גוט אָרגאַניזירט, װאָלט זי קענען צװינגען אונזערע פּני צו רעכנען זיך מיט איהר. געװיס, הייסט דאָס נישט, אַז די „דעמאָקראַטיזאַציע" װעט זיך אונז איינגעבען אַזוי לייכט, װי עס חלומ'ט זיך אַ ה' בערטאָלדי, אָבער די לאַגע איז אויך נישט אַזוי בּיטער, װי עס קומט אויס לויט ה' ליטװאַק, און עס איז גאָר נישט ריכטיג, אַז װען נישט די קמיעה פֿון „מאָראַלישע װעקסלען", בלייבען מיר שוין גאָר אויסגעשטעלט..

װירקען אויף דער פֿילאַנטראָפּיע, דערשלאָגען זיך צו אַ קאָנטראָלע

און צו אנ׳איינפלוס איבער דער עמיגראציאנס-רעגוליערונג וועט די דעמאקראטישע קענען, ווען זי וועט זיין גענוג שטארק ארגאניזירט און ווען דער נאציאנאלער אינטערעסען-צוזאמענהאנג פון דער יודישער גרויס-בורזשואזיע מיט דעם פאלק וועט זיך אזוי וויט פערשטארקען, אז ער זאל זיין בכח צו צווינגען די ערשטע זיך צוהערען צו דער שטימע פון פאלק. און דאס וועט טאקי קומען מיט דער צייט. די אליין שטייגענדע פערשארפונג פון דער יודען-פראגע און פון דעם יודען-האס מצד דער קליין-בורזשואזיע און דער רעגיערונג אין אלע לענדער, ווי אויך די שטענדיגע יודישע וואנדערונג וועלען אלץ טיעפער פערבינדען די יודישע קאפיטאליסטען מיט זייער נאציאן, דער קאפיטאל וועט זיך נאציאנאליזירען, זיין יודישע כלל-טהעטיגקייט וועט דעריבער מוזען אננעהמען אלץ מעהר אנ׳ערנסטערען פאליטישען און נאציאנאלען כאראקטער. אויב אפילו די יודישע גרויס-בורזשואזיע וועט טאקי אין גלות קיין מאל נישט ווערען אזוי ענג פערבונדען מיט איהר פאלק, ווי מיר זעהען דאס ביי אנדערע, טעריטאריאלע פעלקער, דאך וועט די בעציהונג נארמאלער ווערען. שוין יעצט זעהען מיר, ווי גרויסע יודישע בעל-צדקות הויבען אן זאגאר אין די מערב-לענדער, מנדב זיין נישט אויף פילאנטראפישע, נאר אויף נאציאנאלע צוועקען: עס טרעפט זיך שוין פון צייט צו צייט, אז א גביר שפענדעט, אנשטאט א שול אדער א שפיטאל, אויף נאציאנאל-פאנד, אויף א יודישען גימנאזיום אין פאלעסטינא, אויף א יודיש-נאציאנאלען וואהל-פאנד. עס לאזען זיך שוין ווען נישט ווען מערקען נאך בולטערע סימנים פון נאציאנאלער שטימונג, ווי צ. ב. איינינע קאפיטאליסטען אין עסטרייך (רוסיען ברונער א. אנד.), וואס טרעטען ארויס עפענטליך פאר די רעכט פון דער יודישער שפראך, פאר „מאמע לשון“. און די קליינע סימנים ברענגען אונז די ידיעה פון דער וויי־טערער צוקונפט, ווען די יודישע פילאנטראפיע וועט זיך אלץ מעהר און מעהר „דעפילאנטראפיזירען“.

נאך שנעלער פאר „דיזער דעפילאנטראפיזאציע פון דער יודישער פילאנטראפיע“ וועט געהען די נאציאנאליזירונג פון אלע אנדערע שיכטען פון יודישען פאלק, די פערפעסטיגונג פון די דעמאקראטישע און ספעציעל ארבייטער-ארגאניזאציעס, און די מאסען וועלען בעקומען אלץ מעהר מאכט צו ווירקען אויף דער יודישע פילאנטראפיע, צו נאציאנאליזירען די צדקה גדולה. ווען נישט די

„דעמאָקראַטישע“, איז דאָך די נאַציאָנאַלע עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק, וועלכע וועט פעראייניגען די מעלות פון דער פילאַנטראָפּיע (ער-פאַהרונג, איינפלוס און קאַפּיטאַל) מיט די מעלות פון דער דעמאָ-קראַטיע (היימער אינטערעס, ליעבע, בעגייסטערונג), נישט קיין טרוים, נישט קיין בלאָף, נאָר אַ היסטאָרישע זאַך, וועלכע מוז קומען מיט דער צייט, און וועלכע מען מוז שוין יעצט אָנהויבען פאָרצובערייטען.

די אויפגאבען און וועגען פון א נא-ציאָנאַלער עמיגרא-ציאָנס פאליטיק.

די איניציאַטיווע צו אַזאַ פערבינדונג פון דער יודישער פילאַנטראָפּיע מיט דער דעמאָקראַטיע קען נישט אַרויסגעהען פון דער פילאַנטראָפּיע. די לעצטע קען זיך אַליין בעשטעהען אין דער עמיגראַציאָנס-פראַגע, ווי אין אַלע אַנדערע, און אַליין וועלען די גבירים קיין מאָל נישט פאַלען אויף דעם געדאַנק, צו דערנעהענטערען זיך מיט די מאַסען. נאָר פערקעהרט, זיי וועלען זיך נאָך לאַנג ברעקלען און איינשפּאַרען, ביז וואַנען דער דעמאָקראַטיע וועט זיך איינגעבען צו נושא חן זיין אין די אויגען פון די גדולים בישראל. די דערנעהנטערונג וועט אויך נישט זיין קיין פאָלקאָמע, ווייל שליעסען שלום וועלען ביידע צדדים קיין מאָל נישט קענען. אַלזאָ מוזען מיר זיך דיעזע צוזאַמענאַרבייט פאָרשטעלען ניכער ווי אַ שטענדיגען קאַמפּף, איידער ווי אַ פריעדליכע קאָאָרדינירונג. כל זמן אָבער די דעמאָקראַטיע איז נישט אימשטאַנד צו צווינגען די בעל צדקות נוטה צו זיין צו דער געמיינזאַמער אַרבייט, וועט די לעצטע נישט צו שטאַנד קומען; נאָר דורך אונאונטערבראָכענעם דראַנג, נאָר דורך אָנגעשטרענגטען קאַמפּף וועט די וואַקסענדע דעמאָקראַטיע בע-וויזען צו מנצח זיין די גלייכגילטיגקייט פון דער פילאַנטראָפּיע, איהר העזה און עקשנות. צו דעם איז אַלזאָ נויטיג אַ ברייטע און אינטענ-סיווע פאָלקס-בעוועגונג, וועלכע זאָל אַרומהאַפּען אַלע שיכטען פון דעם פאָלק און גרייט זיין אויסצושטעהען האַרבע מלחמות מיט די איינגע'עקשנ'טע פילאַנטראָפּען. מיט גוטען וועט מען ביי זיי נישט אויסנעהמען, נאָר דורך אַ פאָלקס-בעוועגונג, וועלכע זאָל זיך שטעלען דעם צוועק צו דערגרייכען אַ פערנינפטיגע עמיגראַציאָנס-רעגוליערונג און צו שאַפען אַ נאַציאָנאַלע רעגוליערונגס-אָרגאַניזאַציע. נאָר פון אַזאַ בעוועגונג, און נישט פון פּובליציסטישע שמועסען מיט דיפּלאָ-מאַטישע הינטערגענג, קען שטאַמען אַנ'ערפאָלגרייכע איניציאַטיוו צו דער שאַפונג פון אַזאַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. דער איינציגער מיטעל

פון אזא פאלקס-בעוועגונג וועט זיין די ערשטע צייט נישט דער אינערליכער, דיפלאמאטישער דראנג אויף די צדקה-חברות, נאר דער דראנג פון אויסען, דורך ברייטע מאניפעסטאציעס און קאמפף, דורך דעם איינפלוס פון דער געזעלשאפטליכער מיינונג, דורך עפענטליכען באיקאט און פראטעסטען נעגען די איינגעשפארטע כלל-טוער.

דא קומען אבער די „ניכטערנע" פובליציסטען פון פילאנטראפישען לאגער, זאל זיין מצד פון די „סאציאל-דעמאקראטישע" פילאנטראפען, און טענה'ן, אז אזא מין פאלקס-בעוועגונג איז לגמרי אוממעגליך, ה' וו. מעדעם ארגומענטירט, או א פאלקס-בעוועגונג איז אוממעגליך. אהן א ווייטען פרינציפיעלען צוועק, א פאלקס בעוועגונג נויטיגט זיך אין פערספעקטיווען, און הות די עמיגראציאנס-רעגוליערונג איז נישט מעהר, ווי א פאליאטיוו און זי עפענט נישט קיינע ווייטע נאצ אנאלע אויסזיכטען, איז ממילא ניטא וואס צו רעדען מכח א פאלקס-בעוועגונג. א ניכטערנער מענש איז ה' וו. מעדעם! און א הייסער ליעבהאבער פון צדקה. אין א „איינזאמען טעט-א-טעט (tête-à-tête)" מיט די ס"ס וויל ער פאר קיינע גליקען נישט; ער וויל נישט אנדערש, ווי זיצען ביי איין טיש מיט די פילאנטראפען, מיט די „רעעלע מענשען", און נישט מיט דעמאקראטישע יונגלעך. בכבוד'ינע, חשוב'ע בעל צדקות — נאר פאר זיי האט ער אבישיי... אבער ער פערגעסט, אז ברייטע פאלקס-בעוועגונגען ענטשטעהען אין דער געשיכטע ארום גאנץ קנאפע צוועקען מיט גאר שמאלע אויסזיכטען; ער פערגעסט הפנים פון דער קאאפעראטיווער בעוועגונג, וועלכע האט אין מערב-אייראפא טאקי געליטען א גרויסע מפלה, ווען זי האט זיך געשטעלט ווייטע אוטאפיסטישע אויפגאבען, און איז, פערקעהרט, אויסגעוואקסען צו א פרעכטינער וואונדערבארער פאלקס-ארגאניזאציע באלד ווי זי האט זיך געשטעלט אויף דעם רעעלען פראקטישען באדען. ווידער מיינט ער מן הסתם, אז יעדע פאלקס-בעוועגונג מוז אננעהמען א געשטאלט פון א געשלאסענער פארטיי; א בעוועגונג אהן א פארטיי, א בעוועגונג פון פערשידענע פארטייען, וועלכע קעמפפען פאר א געמיינזאמע זאך, — דאס קען נישט פערטראגען זיין פארטיי-פאטריאטישע נשמה. ער מיינט א בעוועגונג צוליעב אריינטראגען א ברעקעל נחמה אין דעם עמיגראנט'ס שווערען גורל; יא, אזא בעוועגונג איז אוממעגליך, ווייל דאס פאלק האנדעלט קיין מאל ניט פילאנטראפיש. אבער די רעגולירונג פון דער עמיגראציע

הייסט ווייט-ווייט מעהר, איידער די בארמהערציגע פערזאָרגונג פון שיפּס-קארטען און באגאזש פאר אומגליקליכע וואנדערער. ה' וו. מע־דעם האָט טאקי א גוט הארץ, פיל מיט רחמנות צו די ליידענדע עמיגראנטען, אָבער דעם תוך פון עמיגראציאָנס-רעגולירונג פערשטעהט ער נישט בעסער, ווי דעם תוך פון א פאָלקס-בעוועגונג. די עמיגרא־ציאָנס-רעגולירונג פערענטפערט א גרויסעס פאָלקס-פּראָבלעם, זאָל זיין האָטש מיט פּאליאטיוען; דערפאר איז ארום דער עמיגראציע מעגליך א פאָלקס-בעוועגונג, און א ברייטע פאָלקס-בעוועגונג, וואו עס וועלען זיך בעטייליגען פערשידענע פּארטייען און אָרגאניזאציעס גלייכצייטיג.

## IV דער אלוועלטליכער יודישער עמיגראציאָנס קאָנגרעס.

די יעצטיגע אויפגאבען פון דער יודישער דעמאקראטיע אין דער עמיגראציאָנס-פּאָליטיק.

מיר האָבען געזעהען, פון וואָס עס ליידעט ביי אונז די איצטיגע עמיגראציאָנס-רעגולירונג, פאר וואָס זי טראָגט א פילאנטראָפּישען, און ניט קיין נאציאָנאלען כאראקטער, פאר וואָס זי ווערט גע־פיהרט אזוי שוואך, אזוי צעוואָרפען. די סבה איז — די ניטאָרגאניזירטהייט פון דער יודישער דע־מאָקראטיע און די גלייכגילטיגקייט פון דער יודי־שער פילאנטראָפּיע צו דער עמיגראציאָנס-פראגע. מיר האָבען אויך דערפון ארויסגענומען, אז כדי צו שאפען א נאציאָנאלע רעגולירונגס-אָרגאניזאציע זענען נויטיג צוויי תנאים: די פעסטע אָרגאניזירונג פון דער יודישער דעמאָקראטיע און די נאציאָנאליזירונג פון אונזער גרויס-בורזשואזיע; ביי דיזע בעדינגונגען וועט די דעמאָ־קראטיע ערשט פערמאָגען די מאכט צו צווינגען די בעל צדקות צו רעכענען זיך מיט איהר און צוצולאָזען זי צו א ווירקליכער קאָנטראָלע איבער די עמיגראציאָנס-ארבייט. ווי מיר ווייסען, וועט די פילאנטראָפּיע ניט קענען און בשום אופן ניט וועלען נעהמען אויף זיך די איניציאטיוו פון קאָאָרדינאציע מיט דער דע־מאָקראטיע. די דאָזיגע איניציאטיוו מוז שטאמען פון א ברייטער פאָלקס-בעוועגונג, אין וועלכער עס דארפען זיך בעטייליגען אלע יודישע פּראָלעטארישע פּארטייען און אנדערע דע־מאָקראטישע אָרגאניזאציעס. פרעגט זיך אלזאָ א קשיא: פון וואנען זאָל מען יעצט אָנהויבען? וואָס זאָל יעצט אונטערנעהמען די יודישע

דעמאָקראטיע? פון אונזערע אויספיהרונגען איז שוין קלאָהר, אז די נאָהנטסטע אויפגאַבע פון אונזער דעמאָקראטיע אין דעם איצטיגען מאָמענט איז — אָרגאַניזירען זיך אַליין, פעראייניגען אָדער לכל הפחות דערנעהנטערן און קאָאָרדינירען אַלע דעמאָקראַטישע און קודם כל פּראָלעטאַרישע קרעפטען אין אונזער פאָלק, כדי צווישען פיעלע אַנדערע נעמייגזאמע ארבייטען אויך אויפהויבען אַ ברייטע פאָלקס-בעוועגונג צוליעב דער נאַצ אָנאַלער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג. אַזאַ בעוועגונג וועט מיט דער צייט צווינגען די פילאַנטראָפּיע אָבצוטרעטען פון איהרע פער׳עקשנ׳טע ביוראָקראַטישע וועגע און צו שאַפען צוזאַמען מיט דער דעמאָקראטיע אַ נאַציאָנאַלע רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע. דאָס איז דער אייגציגער וועג פון אַ ווירקליך דעמאָקראַטישער עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק.

דער דיפּלאָמאַטישער וועג פון דער עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק.

ליידער אָבער האָט מען אין דער ווירקליכקייט אויסגעקליבען גאַר אַנ׳אַנדערן וועג, דורך וועלכען מען האָפט צו פעראייניגען די פּילאַנטראָפּיע מיט דער דעמאָקראטיע צוליעב געמיינזאַמער עמיגראַציאָנס-טעטיגקייט. דאָס איז דער וועג פון דעם „אַלוועלטליכען עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס", וועגען וועלכען מען טומעלט אין דער יודישער פּרעסע שוין זייט צוויי יאָהר. דאָ הויבט מען אָן ניט פון אָרגאַניזירען די דעמאָקראטיע, גאָר מיט אַמאָל טאַקי פון פעראייניגען ביידע צדדים, און פעראייניגען וויל מען ניט דורך אָפענעם עהרליכען קאַמפף, גאָר דורך דיפּלאָמאַטישע המצאות. און אַזוי ווי לע״ע איז נאָך אונזער פּילאַנטראָפּיע אַליין דעזאָרגאַניזירט און צוטיילט אויף קאָנקורירענדע חברות, וויל מען גלייכצייטיג מיט איין שלאָג דערגרייכען אויך אַ צווייטען צוועק: צונויפפיהרען און פעראייניגען דיעזע חברות, ד. ה. אָרגאַניזירען די פּילאַנטראָפּען גופא. אונזערע עמיגראַציאָנס-פּובליציס-טען רעדען איין דעם עולם, אז גאָר אַזוי וועט מען דערגרייכען אַ „דעמאָקראַטישע עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק". ווען מיר וועלען זיך ניט לאָזען בעטויבען פון דעם געפילדער, וואָס מען האָט אויפגעהויבען אין דער פּרעסע, וועט אונז קלאָר זיין אַ גאַנצע סדרה סתירות, וואָס שטעקען אין דעם גאַנצען פּלאַן.

קודם כל מוז אַ פערניגפטיגע רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע פער-איינינען די מעלות, ווי פון דער דעמאָקראַטיע, אַזוי אויך פון דער פּילאַנטראָפּיע: פון דער ערשטער מוז זי נעהמען איהר הייסע פער-

אינטערעסירהייט און בעגייסטערונג, פון דער צווייטער — ערפאַהרונג, איינפלוס און קאפּיטאַלען. דאָ וויל מען אָבער נאָר פּעראייניגען די חסרונות פון ביידע. מען וויל די גלייכגילטיגקייט פון דער איצ-טיגער פילאַנטראָפּיע ערגענצען דורך די דעזאָרגאַניזירטהייט פון דער איצטיגער דעמאָקראַטיע. און צו דיזעם משונה׳דיגען געדאַנק קומט נאָך צו אַ פאָלקאָמעס איגנאָרירען פון דער פילאַנטראָפּישער פּסי-כאָלאָגיע; כדי אָהן קאמפף צו דערשלאָגען זיך פאַר דער דעמאָ-קראַטיע אַ ווירקליכען איינפלוס אין די עמיגראַציאָנס-ענינים, מוז מען פּאָראויסזעצען איינס פון די צוויי: אָדער אונזערע בעלי-צדקות זענען שוין לכתחלה אַזוי דעמאָקראַטיש געשטימט, זיי זאָלען פרייווילינ דערלאָזען אַן׳עפּענטליכען קאָנטראָל איבער זייער אַרבייט, אָדער זיי זענען אַזוי פיעל נאַאיוו און אַזוי נאַריש תקיף ביי זיך, אַז זיי זאָלען נאָר ניט בעמערקען ווי מען נאַרט זיי אַריין דיפּלאָמאַטיש אין זאַק און ווי מען גיט אָב דער דעמאָקראַט׳ע די שליטה איבער זייער אַר-בייט. נור אַ מענש, מיט אַזאַ „שעפּפערישער" פאַנטאַזיע ווי אַן׳ערך הערר בערטאָלדי, קען גלויבען אין דיזע צוויי זאַכען. דעם גאַנצען פּלאַן וויל מען דורכפיהרען גראָד יעצט, ווען אונזער דעמאָקראַטיע איז אַבסאָלוט דעזאָרגאַניזירט, ווען מיט איהר רעכענט מען זיך אין אונזערע יודישע „הויכע פענסטער" נאָך ווענינער, ווי אין די אַמאָליגע יאהרען.

איין אַלגעמיינעם כלל מוז מען געדענקען אין דער גאַנצער פראַגע: אין דער עמיגראַציאָנס-רעגולירונג איז די פילאַנטראָפּיע דער אַם ווענינסטען פּעראינטערעסירטער צד און גלייכצייטינ פּערמאָגט זי די גרעסטע נויטינע קרעפטען צוליעב דער רעגולירונגס-טעטינקייט. די דעמאָקראַטיע איז, פאַרקעהרט, דער פּעראינטערעסירטער צד. איז דען ניט קלאָר, אַז דער שוואַכער מוז אָבהענגען פון דעם שטאַרקען און דער מעהר פּעראינטערעסירטער פון דעם מעהר אינדיפּערענטען.

דאָס איז אָבער ניט קלאָר פאַר איינינע עמיגראַציאָנס-פּובלי-ציסטען. פון אונזער דעזאָרגאַניזירטער דעמאָקראַטיע קען ממילא ניט שטאַמען די איניציאַטיוו פון צונויפרופען דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס; די איניציאַטיוו געהערט טאַקע נאָר ניט וועלכער ניט איז פּאָליטישער פּאַרטיי, נאָר פּשוט איינצעלנע יחידים. זיי, די פּאָר יחידים, שטע-לען זיך דעם צוועק — מנצח צו זיין דעם אינדיפּערענטיזם פון די גראָבע קעשענעס, צונויפצופיהרען די שיריים פון דער דעמאָקראַטיע

מיט די שטאָלצע „רײַכע מוהמעס“, און קודם כל — די „מוהמעס“ מיט די „פֿעטערס“ צווישען זיך צונויפֿצופֿיהרען. אָט דאָס איז דער דיפּלאָמאַטישער, — ריכטיגער גענאָגט, שדכנ'נישער וועג, אויף וועלכען עס האָבען זיך געשטעלט די דאָזיגע יחידים. דאָס איז, נאַטירליך, ניט די דיפּלאָמאטיע פֿון שטאַרקייט, וועלכע שטעלט דעם צווייטען צד פֿאַר שוין פֿערווירקליכטע מעשים, פֿאַר פֿאַקטען, מיט וועלכע ער ווערט געצוואונגען זיך צו רעכענען; ניין, דאָס איז דיפּלאָמאַטיע פֿון שוואַכקייט. דיעזע יחידים האָבען עס צונויפֿגעקלאַפּט דאָס וויענער איניציאַטיוו-קאָמיטעט, זיי בעמיהען זיך עס צו שאַפֿען אַ פֿאָלקס-מאַנדאַט פֿאַר די וויענער קהל'ניקעס און אַסימילאַטאָרען. דער גאַנצער ליאַרם מכח דער „דעמאָקראַטישער עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק“ קען האָבען נאָר דעם פּועל יוצא, וואָס די פֿאָלקס-מאַסען וועלען דורך די שעהנע רייד פֿון ה' בערטאָלדי בעקומען דעם צוטרויען צו די וויענער „פּני“ און וועלען מיינען, אַז די אַסימילאַטאָרישע פֿילאַנטראָפּען ווילען טאַקע ווירקליך בעגליקען דאָס יודישע פֿאָלק. ווען די אָהגמעכטינסטע דיפּלאָמאַטיע-טרייבערייַ פֿערהילט זיך אין אַ מאַנטעל פֿון דעמאָקראַטישער פֿראַזעאָלאָגיע, איז באמת שוין שווער זיך אויסצומאָלען נאָך אַ גרעסערע סכנה פֿאַר דער ווירקליכער דעמאָקראַטיע.

וואס קען אויפטהון דאָס וויענער „איניציאטיוו-קאמיטע“

אַ דאַנק די וואונדערבאַרע דיפּלאָמאַטישע פֿעהיגקייטען פֿון אונזערע עמיגראַציאָנס פּובליציסטען זיצט איצט אין וויען אַ „איניציאַטיוו-קאָמיטעט“, וועלכעס וועט, אם ירצה השם ומוהמע יק"א, צונויפֿרופֿען דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס. דערברייטער עולם, אויפֿגערודערט דורך די הייסע קאָנגרעס-דרשות פֿון ה' בערטאָלדי מיט זיינע פֿריינד, אינטערעסירט זיך נאַטירליך צו וויסען, ווי האַלט עס מיט דעם קאָנגרעס, צי וועט ער טאַקע פֿאָרקומען, צי וועט דאָס זיין ווירקליך אַ פֿאָלקס-קאָנגרעס אָדער בלויז אַ נישטיגע קאָנפֿערענץ פֿון עטליכע „פּני“, וואָס וועלען קומען פֿערברענגען אין וויען אַ פּאָר שעהנע אָבענדען? דער יודישער המון האָט דאָס רעכט זיך צו אינטערעסירען ניט נור מיט דעם, וואָס ה' בערטאָלדי מאָלט זיך אוים אין זיין „שעפּפֿערישער“ פֿאַנטאַזיע וועגען דעם קאָנגרעס, נאָר אויך, וואָס דער קאָנגרעס וועט זיין אין דער ווירקליכקייט: ווייל, ווי בעוואוסט, רעכענט זיך די ווירקליכקייט גאַניץ קנאַפּ מיט דער שעפּפֿערישער פֿאַנטאַזיע און מיט איהרע שעהנע

חלומות. אָבער כּדי צו קענען זאָגען אַ דעה אין אָט די פראַגען, וואָלט מען דאַרפען געגוי' וויסען די איצטיגע רעעלע געזעלשאַפט-ליכע קרעפטען, דעם געגעבענעם מענשליכען מאַטעריאַל, און די פערשידענערהייט צוזויפעפלאָנטערטע אינטערעסען פון כּל-ערליי גרופען, גרופעלעך אין גלאַט השוב'ע פּערזאָנען. אין דיעזער הינזיכט טרייבען די איניציאַטאָרען פון קאָנגרעס אַזאַ פּאָליטיק, אַז דאָס פּובליקום זאָל זיך פון גאָר נישט דערוויסען, ווייל דאָס קאָן חלילה „שאַדען דעם קאָנגרעס"; דעריבער ווייסען מיר ניט געגוי', ווער זענען זיינע פריינד און ווער זענען זיינע שונאים. אַלץ ווערט געטהון און געשפּראָכען בחדרי חדרים, הינטער די קוליסען, וואוהין דער ניט-פערטרויטער טאָר ניט אַריינקוקען. נור פון צייט צו צייט ערשיינט עפּעס אין דער פּרעסע אַ האַלב-אָפיציעלער רמז, אַז דער אָדער יענער פון די „פני" האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם אַנטהייל אין קאָנגרעס, אַז די אָדער יענע „רייכע מומע" האַלט יאָ אָדער ניט פון דעם שדוך.

צי וועט אַזאַ מין טאַקטיק פיהרען ווירקליך צו „דעמאָקראַטישער עמיגראַציאָנס-פּאָליטיק", מעג מען שטאַרק צווייפלען. ווייל דער איינציגער וועג צו אָרגאַניזירען די דעמאָקראַטיע איז — בעקאַנט צו מאַכען דאָס פּאָלק מיט דעם אמת. דאָ אָבער ציטערט מען פאַר דעם אמת, ווי פאַר סם המות. די רעדעל-פיהרער, ווי אויך דער גרעסטער טהייל פון דער יודישער פּרעסע האַלטען זיך פאַר דעם פּרינציפּ: „היטען דעם קאָנגרעס", עס זאָל איהם חלילה ניט געשעהען קיין עין הרע, גלייך אַזוי, ווי ביי דער צווייטער מלוכה-דומע האָבען די קאַדעטען אַרויסגעגעבען דעם לאָזונג „היטען די דומע". איך מיין אָבער, אַז דער אמת קען דעם פּאָלק בשום אופן ניט שאַדען, און האָב ניט מורא אַרויסצוזאָגען אפילו ווענען דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס דאָס, וואָס איך האַלט פאַר ריכטיג.

בעטראַכטענדיג אַלע טאַטזאַכען, וואָס אָנבעלאַנגט די דיפּלאָמאַטישע טאַקטיק פון אונזערע עמיגראַציאָנס-פּובליציסטען, דעם טומעל וואָס זיי האָבען אויפגעהויבען, און די אינבעשטימטע, גלייכגילטיגע האַלטונג פון די וויענער קהל'ניקעס, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען צוזויפצורופען דעם קאָנגרעס, מוז מען מסכים זיין, אַז דער עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס איז פון אָנפאַנג אָן אַריינגעפאַלען אין שוואַכע און אונפעהיגע הענד. און ווידער טאַקע זענען דערין שולדיג ניט די יחידים וועלכע האָבען

זִיך מִיט אַזאַ התלהבות גענומען צו דער זאַך, נאָר די נִיט-אָרגאַני-זִירטהייט פון אונזער דעמאָקראַטיע און דער אינדיפערענטיזם פון אונ-זער פילאַנטראָפּיע. דורך דיזע צוויי פאַקטאָרען ווערט געבילדעט א פוסטער רוים אַרום דער טעטיגקייט פון דעם וויענער קאָמיטעט, וואָס רופט צונויף דעם קאָנגרעס, און אין אַ געזעלשאַפטליכער פוסטקייט קען ניט אויסוואַקסען קיין ממשות׳דיגע געזעלשאַפטליכע טהאַט. ווען אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אויף דער יודישער גאַס האָנר ביי האַנד מיט אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטען וואָלטען אפילו געמאַכט די גרעסטע אַנשטרענגונג, וואָלטען זיי אויך אין בעסטען פאַל אפשר געקענט זיך דערשלאָגען צו א מעהר-וועניגער דעמאָקראַטישער פערטרעטונג אויף׳ן קאָנגרעס, דאָס וואָלט נאָך אָבער זיין זעהר וויַיט פון „דעמאָקראַטישער" אָדער לפחות נאַציאָנאַלער עמיגראַ-ציאָנס-פּאָליטיק. איך האָב דאָ ניט קיין פּלאַץ זיך איינצולאָזען אין פערשידענע השערות מכח די מעגליכע רעזולטאַטען פון דער יעצטיגער אַניטאַציע; קלאָר איז אָבער יעדענפאַלס, אַז כל זמן מיר האָבען צו טהון מיט דער גלייכגילטיגקייט פון אונזער גרויס-בורזשואזיע צו די עמיגראַציאָנס-ענינים, העננט אָב דער גורל פון דער גאַנצער אונטערנעהמונג ניט פון די וואונשען פון אונזערע דעמאָקראַ-טישע שיכטען, נאָר פון די אינטערעסען פון אונזערע „פני": וועט זיי לוינען צו צולאָזען די דעמאָקראַטיע צו דער עמיגראַציאָנס-טעטיגקייט. וועלען זיי צונויפרופען אַווירקליכען קאָנגרעס; א ניט, איז בכלל נאָך אַ גרויסע קשיא, צי וועלען די וויענער אַסימילאַטאָרען גוטה זיין צו ברעכען זיך דעם קאָפּ איבער די עמיגראַציאָנס-ענינים.

**דער פלאן פון א עמיגראציאָנס-באנק**

אָבער די סטראַטעגען פון דעם עמיגראַציאָנס-פּובליציסטישען לאַגער האָבען אַ „פּלאַן", מיט וועלכען זיי מיינען גלענצענד דורכצופיהרען די גאַנצע קאַמפּאַניע; דאָס איז דער פּלאַן פון אַ עמיגראַציאָנס-באַנק, וועלכער וועט זיך געפינען אין די הענד פון פאָלק, ווי עס פערזיכערט אונז ה׳ בערטאָלדי מיט זיינע פריינד. ווי אַזוי קענען אָבער די פאָלקס-מאַסען בעקומען דעם צוטריט צו דעם באַנק? גאַנץ איינפאַך – דורך אקציעס: יעדער, ווער עס בעזיצט אַן אַקציע, האָט אַ שטיקעל רעה אין דער פיהרונג פון דעם פינאַנץ אינסטיטוט. דערביי פערשטעהן ניט אונזערע עמיגראַציאָנס-פינאַנסיסטען נור איין קליינינקייט, — אַז אויב די יודי-שע גבירים און די צדקה-חברות וואָלטען שוין יאָ איינגעהען דערויף,

צו גרינדען אַזאַ מין אינסטיטוט אויף אַקציעס, וואָלטען זיי אויך זאָרגען וועגען דעם, אַז די מעהרהייט פון די אַקציעס זאָל זיין קאָנ־צענטרירט אין זייערע אייגענע הענד, און ניט ביי דעם פאָלק. מען דאַרף זיין צו שטאַרק נאאיוו, כדי צו האָפען, אַז די בורזשואַזיע זאָל מסכים זיין צוצולאָזען די פאָלקס־מאַסען צו אַווירקליכען איינפלוס אויף איהרע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס.

נאָר פון דער ריין פינאַנציעלער זייט בעשטעהט די זאַך נאָך ערגער. אַ באַנק איז בכלל מעגליך נור פאַר אַזוינע אונטערנעהמונגען, וועלכע פאָדערן פיעל גרונדקאַפּיטאַל, און עס האָט אין אַלגעמיין קיין זין ניט צו גרינדען אַ באַנק צוליעב אַזוינע פונקציעס, וועלכע וועלען פאָדערן הויפּטזעכליך צירקולירענדעס קאַ־פּיטאַל. דאָרט, וואו געלד נעהט אַוועק יעדע מינוט און קעהרט זיך ניט אום דורך דיעזעלבע אָפּעראַציעס, נאָר מוז שטענדיג צופליסען פון אַלץ נייע און נייע קוועלען און מוז פערשטעקען אַלץ נייע און נייע לעכער, דאָרט קען מען בכלל ניט רעדען וועגען אַ „באַנק" אָדער וועגען „אַקציעס". לאָמיר זיך אָבער צוקוקען, אין וואָס וועט בעשטעהען די טעטיגקייט פון בערטאָלדי'ס „עמיגראַציאָנס-באַנק". מיר האָבען שוין אויבען בקיצור אויסגעצעהלט זיינע פונקציעס, און פון יענעם איבערבליק (קאַפּ. I) איז אַרויסצונעהמען, אַז דער דאָזיגער פינאַנץ-אינסטיטוט וועט ניט קענען אויסהאַלטען קיין דויערנדע אונטערנעהמונגען מיט אַ געוויסען גרונד-קאַפּיטאַל, ער וועט נור בעזאָרגען לויפענדע נויטען פון שטענדיג פליסענדען מענשען־מאַטעריאַל. די עמיגראַציע איז אַ שטראָם, דאָס געלד פון די עמיג־ראַנטען איז אַ געלד-שטראָם, און פון אַ געלד שטראָם קען מען בשום אופן ניט אויסמאַכען קיין „פיקסען", פעסטען, גרונד-קאַפּיטאַל. אין דעם דאָזיגען פינאַנץ-אינסטיטוט מוז דאָס געלד פערוועגדעט ווערען דער עיקר אויף קורץ דויערנדע, שנעל זיך פערווירקליכענדע אָפּעראַציעס, פון וועלכע יעדע איינצעלנע קען זיך ניט שטעלען ווייטע אויסזיכטען און צוועקען, סיידען מיר זאָלען רעכענען, אַז אונזער „באַנק" וועט בויען אייגענע עמיגראַנטען-היימען, אייגענע ווערקשטאַטען און אייגענע שיפען.. אפשר מיינט טאַקי בערטאָלדי אַזאַ מין באַנק; צום אומגליק אָבער פערמאָגען אונזערע בעל צדקות ניט אַזאַ דרייסטע „שעפּפערישע" פאַנטאַזיע.

וועט אונזער פינאַנץ-אינסטיטוט נעהמען אויף זיך די קאָמיסיע

צו פערמיטלען דעם פערקויף פון שיפס-קארטען, וועט ער עקספע-דירען באגאזש, איבערשיקען געלד, פערסטראכירען די אויסוואנדערער אויפ'ן פאל פון צוריקגעשיקט ווערען, וועט ער צאהלען די עמיגראציאנס-אינספעקטארען און אויסהאלטען פערשידענע ביורא'ס, הויפטזעכליך צוליעב אינפארמאציע, — דאס אלין איז פיליסענדעס, צירקולירענדעס קאפיטאל, צו דעם זענען ניט נויטיג אקציעס, און אויף דעם קען ניט נעבויט ווערען א באנק. אנ'עמיגראציאנס-באנק, א באנק, וואס זיין הויפט-אויפגאבע זאל זיין צו בעדינען אזא פליסענדען און וואנדערנדען מאטעריאל — דאס איז גלאט א אונמעגליכע זאך.

אזא מין פינאנץ-אינסטיטוט קען מען זיך פארשטעלען, אויב מיר ווילען בלייבען אויפ'ן גרונד פון ניכטערע רעעלע בעטראכטונגען, אין צוויי אופנים: אדער ער וועט זיין גאנץ זעלבסטשטענדיג, דאמאלס איז עס ניט קיין באנק, נאר א מין עמיגראנטען-קאסע פאר קרעדיט און פערזיכערונג אין גרויסען מאסשטאב, אדער דער אינסטיטוט זאל זיין נור אנ'אבטיילונג פון אנ'אנדער פינאנציעלער אונטערנעהמונג, וועלכע האט פיעל ברייטערע צוועקען, ווי בעזארגען עמיגראנטען, נאר בעשעפטיגט זיך אגב אויך מיט וואנדערונגס-ענינים. אין דעם צווייטען פאל קען דאס זיין אנ'אבטיילונג פון א באנק, אבער דאך ניט קיין באנק פאר זיך; און חוץ דעם, טאקי נור א קליינע, ווענינ וואס בעדייטענדע אבטיילונג אין דעם ברייטען סכום פון די באנק-פונקציעס. לאמיר זיך פארט צוערשט אבשטעלען אויף דעם דאזיגען צווייטען פאל. כדי איהם צו פערווירקליכען, ברויכען מיר לכתחילה בעזיצען וועלכען ניט איז נאציאנאלען באנק; אזעלכען אבער האבען מיר ניט, סיידען מיר זאלען מיינען, אז דער ציוניסטישער קאלאני-זאציאנס-באנק וועט מעגען, וועט קענען און וועלען נעהמען אויף זיך אויך די רעגולירונג פון דער גרויסער יודישער וואנדערונג אויסער-האלב פלשתינא מיט איהרע שבנ'יישע לענדער. בלייבט אונז נור צו גרינדען גאר א נייע נאציאנאלע באנק, וועלכע זאל זיך אויך אגב בעשעפטיגען מיט עמיגראציאנס-ענינים, אנ'ערך נאך אין א ברייטערער מאס, ווי דאס טהוט יעצט דער טשעכישער נאציאנאלער באנק „באדעמיא". איך פערשפאר אנצווייזען, אז אויפ'ן סמך פון די עמיגראציאנס-אינטערעסען אליין איז דאס יודישע פאלק נאך ניט מסוגל צו דע' ריזיגער קרעפטען-אנשטרענגונג, וואס פאדערט זיך, כדי צו שאפען א

נאַציאָנאַלען באַנק; און אויב עס איז אפילו יאָ מעגליך, מיר זאָלען מיט דער צייט בעזיצען אזא באַנק, אַזוי ווי דאָס געפינען מיר ביי די פוילען און טשעכען, דאָך בלייבט אונז נאָך א היבשער מהלך ביז צו יענער צייט.

א יודיש נאַציאָנאַלע פערבלייבען מיר, הייסט דאָס, דערווייל ביז א עמיגראַנטען-קאַסע. מין נאַציאָנאַלער עמיגראַנטען-קאַסע: דאָס איז דער מאַקסימום, פון וועלכען מען מעג שמועסען לע"ע. איך חזר'איבער און בעטאָן, אַז דאָס איז דער מאַקסימום. אַזא מין קאַסע עקזיסטירט אין איטאַליען, וואו די רעגירונג נעהמט פון יעדען עמיגראַנט א געוויסע קליינע שטייער (אנ'ערך 1½ רובעל), כדי אויסצוהאַלטען די עמיגראַציאָנס-אינספעקציע א. ד. גל. ווען די יודישע עמיגראַציאָנס-אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אַוועקשטעלען אויף שטאַרקע פיס און ערווערבען צוטרוי ביי די מאַסען, וואָלט זי אויך קענען אַוועקלעגען אויף די עמיגראַנטען א געוויסע שטייער צו דעקען איהרע הוצאות. דיזע שטייער קען נאַטירליך געמומען ווערען נור פון עמיגראַנטען אין ענגסטען זין פון וואָרט, ד. ה. פון „פאַסאַזשירען"; חוץ דעם קענען נאָך די אינדירעקט פעראינטערעסירטע פאָלקס-שיכטען אויך בייטראָגען צו דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע זייערע מיטגליעדס-שטייערן, און דאָס וואָלט געווים זיין א וועג צו דעמאָקראַטיזירען די טעטיגקייט פון דער רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע. אויף אַזוי פיעל זענען גערעכט ה' בערטאָלדי, ה' דאַווידאָוויטש און אַנדערע. וועלכע פערנעהמען זיך מיט דעם פלאַן פון אַן'עמיגראַציאָנעם פינאַנץ-אינסטיטוט, און אין דעם בעשטעהט טאַקי, גאַנץ אונאַבהענגיג פון זייערע אוטאָפיסטיש איבער-טריבענע האָפנונגען, זייער צווייטער גרויסער פערדיענסט אין דער עמיגראַציאָנס-פראַגע.

זייערע האָפנונגען זענען אָבער איבערטריבען, אויף וויפיעל זיי ווילען זיך ניט רעכענען מיט די שוועריגקייטען פון דעם פלאַן. די דעמאָקראַטיע, אלס אַזעלכע, איז ניט אימשטאַנד צו גרינדען אַזא קאַסע, און נור די יודישע קאַפיטאַליסטען מיט זייערע „רייכע מומעס" קענען געהמען זיך אויף זיך דורכצופיהרען די זאַך אין לעבען: ווייל גלייך מיט א מאָל קען ניט אַ נייע פינאַנציעלע איינריכטונג אַזוי שטאַרק צוציהען צו זיך די סימפּאַטיעס פון אונזערע אָרימע פאָלקס-מאַסען, אַז זיי זאָלען פעהיג זיין קומען מיט צאהלרייכע מיטגליעדס-בייטראָגען

א. ד. גל. לכתחילה װעט דער נייער פֿינאַנץ-אינסטיטוט נאָך האָבען גאָר װעניג מיטגלידער אין פֿערמאָגען גאָר קליינע קאַפּיטאַלען, און װעט אונבעדינגט מוזען אָנקומען צו דער הילף פֿון די גראָבע קעשענעס. מען דאַרף דאָבײ אָבער אויך געדענקען דעם אונטערשייד צװישען קאַפּיטאַליסטיש-סוחרישער און שװינדלעריש-רויבערישער עקספּלואַטאַציע: די עמיגראַנטען װערען פֿון די פֿערשידענע פּריװאַטע קאָנטאָרען און אַגענטען אייגענטליך ניט עקספּלואַטירט, נאָר פּשוט בערויבט און בעשװינדעלט, און אויב מיר זאָלען בעװייזען אױסנוצען צו בעזייטיגען דיזע אַגענטען מיט זייערע שװינדלען, װאָלט דערמיט אויך בעזייטיגט געװאָרען אַ גרויסער טייל ריוח פֿון זייערע מאַכינאַציעס. די אַגענטען בעדינען ניט װי געהעריג די נויטען פֿון די װאַנדערער, אַלזאָ, האָבען זיי בײַ זייער „אַרבייט" גאַנץ װעניג הוצאות און זיי קװעטשען אויס דורך כל'ערליי שװינדעל אַ אונגעהויערען פּראָפֿיט; די רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע, צי זי זאָל זיין ריין-פֿילאַנטראָפּיש, צי נאַציאָנאַל, מוז, פֿאַרקערט, האָבען גרויסע הוצאות, װײַל זי װעט שטרעבען װירקליך צו בעפֿרידיגען די עמיגראַנטען-נויטען, און אין דערזועלבער צייט מוז זי אויך שטרעבען װאָס װעניגער צו עקספּלואַטירען דעם עמיגראַנט, װאָס בילינגער געבען איהם איהרע דינסטען. אין טאָמער װעט דער פֿינאַנץ-אינסטיטוט דערלענגען צו זיינע אָפּעראַציעס, און ער װעט זיך אַליין ניט קענען אויסהאַלטען: די דעפֿיציטען מוזען שטענדיג געדעקט װערען פֿון זייטיגע קװעלען. איז דערפֿון נעדרונגען, אַז די שליטה איבער דאָס געלד און איבער די פֿונקציעס פֿון אינזער נאַציאָנאַלער עמיגראַנטען-קאַסע װעט דאָך פֿערבלייבען בײַ אונזערע „רייכע מומעס", װעלכע װעלען זי ניט נור נרינדען, נאָר אויך שפּעטער אונטערשטיצען.

*

*   *

איך רעזומיר: עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פֿאַר אַ ברייטער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע צו רעגולירען די יודישע װאַנדערונג, נאָך ניט געקומען די צייט צו פֿעראייניגען די מעלות פֿון דער דעמאָקראַטיע מיט די מעלות פֿון דער פֿילאַנטראָפּיע, װײַל ניט רייף זענען נאָך ביידע מיט זייערע קרעפֿטען. איך האָב געשטרעבט קלאָר צו מאַכען דעם אונטערשיד פֿון דעם ריין פֿילאַנטראָפּישען שטאַנדפּונקט, אַז מען מוז װאָס גיכער אײַלען צו הילף די אומגליקליכע עמיגראַנטען,

און דעם ריין-נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, אַז מען דאַרף שאַפען אַ רעגולירונגס-אָרגאַניזאַציע אויף אַ ברייטען געזעלשאַפטליכען יסוד. לע"ע זענען זיך נאָך ביידע שטאַנדפּונקטען שטאַרק סותר איינער דעם צווייטען, ווייל, כל-זמן אונזער דעמאָקראַטיע איז דעזאָרגאַניזירט אין די פילאַנטראָפּיע גלייכגילטיג, קען נישט ענטשטעהן אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, און מען מוז זיך בעגניגען מיט דעם, וואָס אונזערע וואַנדערער זאָלען בעקומען וואָס-נישט-וואָס וואָסערע ס'איז הילף. איך האָב נעשטרעבט קאָלטבלוטיג צו אַנאַליזירען די טענדענ-צען פון דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג; און פון מיין אַנאַליז איז אַרויסצונעהמען, אַז מיט דער צייט וועט זיך די דאָזיגע סתירה ביס-לעכווייז אויף אַזוי פיעל אויסגלייכען. אַז ביידע שטאַנדפּונקטען וועלען זיך נעגענזייטיג ערגענצען און עס וועט מעגליך ווערען אַ פּרוכטבאַרע קאָאָרדינירונג פון אַלע יודישע געזעלשאַפטליכע קרעפטען.

אָט דאָס איז דער טעאָרעטישער סך-הכל פון מיין בראָשור.

אין וואָס בעשטעהט אָבער איהר פּראַקטישער פּועל-יוצא?

דאָ טאָר מען אויך נישט פערוועקסלען דעם פילאַנטראָפּישען שטאַנדפּונקט מיט דעם נאַציאָנאַלען, ווי דאָס טהוט, למשל, הערר בערטאָלדי, וועלכער שמועסט איין דעם עולם, אַז דער עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס וועט ברענגען אַ ישועה אונזער עמיגראַנטען-מאַסע, און אַ אונענדליכע ברכה אונזער דעמאָקראַטיע. דאַרפען מיר אינגאַנצען פערוואַרפען דעם שטאַנדפּונקט פון ריינעם רחמנות? דאַרפען מיר נעלאַסען צוקוקען די ליידען פון די וואַנדערנדע ברידער, וואָס דיזע ליידען קענען נישט היינט-מאָרגען ווערען אויך די ליידען פון יעדען איינצעלנעם פון אונז? דאַרפען מיר רוהיג וואַרטען, ביז ס'וועט קומען א גינסטיגערע צייט, ביז די דעמאָקראַטיע וועט זיין אָרגאַניזירט און די גרויס-בורזשואזיע מעהר נאַציאָנאַליזירט? נאַטירליך, ניין. דער מחבר פון דיזער בראָשור איז גאָר נישט קיין געגנער פון דעם געפּלאַנטען עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס: אדרבה, ער בעגריסט דיזע אונטערנעהמונג, ווייל אַזאַ קאָנגרעס איז דאָס בעסטע מיטעל עפּעס יאָ צו מאַכען צוליעב דער יודישער עמיגראַציע. איך בין אַ נעגנער נישט פון דעם קאָנגרעס, נאָר פון די אומגעלומפּערטע דרשות. מיין כונה איז נישט מעהר, ווי אָבצוקיהלען די האָפנונגען, כדי צו פערהיטען פאַר גרויסע און שעדליכע ענטטוישונגען.

פון דעם דעמאקראטישען שטאנדפונקט אבער איז די זאך ניט אזוי איינפאך. איך בין א ענטשיעדענער נעגנער פון יענעם פילאנטראפיש-פעסימיסטישען קוק, וועלכער לייקענט יעדע פאלקס-בעוועגונג אויפ'ן פעלד פון עמיגראציאנס-פאליטיק (וו. מעדעם, א. ליטוואק און זייערע פריינד). אבער מיר האבען פאר זיך נור איין איינציגען וועג פאר אזא פאלקס-בעוועגונג און דאס איז דער וועג פון ארגאניזירען די דעמאקראטיע. און ארום דעם עמיגראציאנס-קאנגרעס, אלס א זעלבען לאזט זיך דערוויייל די יודישע דעמאקראטיע נישט ארגאניזירען. מחמת דער דיפלאמאטישער פערשווייגונגס-טאקטיק פון די איניציאטארען פון קאנגרעס, קען מען בכלל נאך נאך נישט וויסען, אויף וועלכער וועלט ער איז, און צו וועט ער ווירקליך צוזאמענגערופען ווערען. אויב אבער יא, — און דאס וואלט געווען זעהר ווינשענסווערט פאר די עמיגראנטען — אזוי וועט ער לכתחילה געבען נור א קליינעם שטויס דער דעמאקראטיע צו ארגאניזירען זיך ארום דער עמיגראציאנס-ארבייט. יעדענפאלס וועט דער עמיגראציאנס-קאנגרעס העלפען צו ארגאניזירען זיך אויך דער פילאנטראפיע, און די לעצטע וועט דורך דעם מעהר געווינען ווי די דעמאקראטיע.

איך בין אויך אויסען געווען אנצואווייזען אויף די גרויסע סכנות פון דעם דיפלאמאטישען וועג, מיט וועלכען עס נעהן אציגע איינינע יהידים, וואס נעהערען אליין צו דעם דעמאקראטישען לאגער און פערשטעהן אבער נישט די ווירקליכע אינטערעסען פון דער דעמאקראטיע. דיזע עמיגראציאנס-פובליציסטען בעמיהען זיך צו געווינען דאס פערטרויען פון די פאלקס-מאסען פאר עטליכע וויענער „פני“, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דעם עמיגראציאנס-קאנגרעס צו שאפען א פאלקס-מאנדאט פאר די וויענער קהל'ניקעס. א דאנק דעם דיפלאמאטישען פערשווייגען פון דעם אמת דורך די „דעמאקראטישע“ עמיגראציאנס-פובליציסטען, בעקומען די מאסען אין רוסלאנד און אמעריקא א צו גרויסען און געפעהרליכען צוטרוי צו די אומרייניע און וויט נישט פאלקספריינדליכע מערב-אייראפעאישע מאגנאטען.

* * *

צולעצט א פאר ווערטער pro domo mea, פאר מיינע אייגענע, פאר דער משפחה, צו וועלכער איך נעהער.

ווענען דער יודישער עמיגראציאנס-פאליטיק איז פאר די לעצטע

